פּרײַז 35 קאָפּ.



Всеукраїнська Філія
ЦЕНТРАЛЬНОГО ВИДАВНИЦТВА НАРОДІВ СРСР
при президії ВУЦВК'у

| ЄВРЕЙСЬКОЮ МОВОЮ | НА ЕВРЕЙСКОМ ЯЗЫКЕ |
|---|---|
| В. Львович | В. Львович |
| **КОЛИ ГАРМАТИ БЕЗСИЛІ** | **КОГДА ПУШКИ БЕССИЛЬНЫ** |

# אינהאלט:

ניט קוקנדיק אפ אלע האמצאָעס און שפּיצלעכ, איז דאָכ קיינעם ניט געלונגענ צו זײַנ אפ דער לעצטער זיצונג, וואָס איז פאָרגעקומענ באַ פארמאכטע טירנ. וואָס פאר א טראגעדיע ס'האָט זיכ דעמ לעצטנ טאָג אָפּגעשפּילט אינעם געריכט־זאל, ווייסנ נאָר די „אויסדערוויילטע".

אינ דער פּרעסע אָבער האָט זיכ נאָר באוויזנ א קורצינקע באַטיצ:

## דער לעצטער טאָג

איבער דער אָבסטרוקציע, וואָס די באשולדיקטע האָבנ דורכגעפירט, איז דער לעצטער טאָג פונעם פּראָצעס פאָרגעקומענ באַ פארמאכטע טירנ. די הויפּט־באשולדיקטע — היינריכ שטאָלצ, על־קערים, קארל לענצער, פעלדמענ, יאָסיפ מערינג — זײַנענ פארמישפּעט געוואָרנ יעדערער צו פופציק יאָר קאטאָרגע. די איבעריקע — פונ 1 יאָר ביז פינפ יאָר.

ווער ווייסט, ווו געפינענ זיכ אצינד די כאוויירים, וואָס זײַנענ פארמישפּעט געוואָרנ אינ מײַנצ? ווער געדענקט איצט אלעמענס נעמענ? צי לעבנ זיי, אָדער זיי זײַנענ אומגעקומענ מיט א לאנגזאמענ טויט אפ דער פראנצויזישער קאטאָרגע?

ענטפערנ אפ דידאָזיקע פראגעס קענ נאָר דער אויבער־פּראָקוראָר פונ פראנקרײַכ. דאָס איז אָבער ניט אזוי וויכטיק. וויכטיק איז דאָס, וואָס די זאכ פונ די רורער קאָמיוניסטנ לעבט! אפ זייער דערפארונג לערנענ זיכ די קאָמיוניסטנ פונ דער גאנצער וועלט, וויאזוי צו פירנ אנטימיליטאריסטישע פּראָפּאגאנדע.

---

מע, און וואָס גיכער זי וועט פאַרניכטעט ווערן, אַלץ בעסער וועט זײַן...

דער פּאָרזיצער האָט אים איבערגעריסן:

— באַשולדיקטער, אײַך האָט מען געגעבן דאָס לעצטע וואָרט קיינער וועט אײַך אָבער ניט דערלויבן אויסצונוצן דאָס לעצטע וואָרט צוליב אַגיטאַציע. איר דאַרפט ניט פאַרגעסן, אַז איר געפינט זיך פאַרן געריכט...

— דאָס איז אַן אָפּערעטקע, ניט קײן געריכט.

אין זאַל האָט זיך דערהערט אַ צופרידענער געלעכטער.

דער פּאָרזיצער איז פאַר פאַרדראָס אַזש רויט געוואָרן. ער האָט זיך אַ ווײַלע אַ שושקע געטון מיט די געריכט־מיטגלידער. דערנאָך איז ער אויפגעשטאַנען און געמאָלדן:

— די זיצונג וועט פאַרגעזעצט ווערן בײַ פאַרמאַכטע טירן. אַרויספירן דעם אוילעם!

היינריך שטאָלץ האָט זיך אויפגעהויבן פון דער באַנק און אָנגעהויבן זינגען:

„שטייט אויף, איר אַלע, ווער ווי שקלאַפן, פון הונגער לעבן מוז און נויט"...

די באַשולדיקטע האָבן אונטערגעהאַלטן אויף פאַרשיידענע שפּראַכן, און דער אוילעם, וואָס איז פאַמעלעך אַרויסגעגאַנגען פון זאַל, האָט אויך מיטגעזונגען. און שפּעטער מיט עטלעכע רעגעס האָבן די ליד אונטערגעכאַפּט די אַרבעטער, וואָס האָבן זיך צונויפגעזאַמלט פאַר דער געריכט־געבײַדע און געוואַרט אויפן אורטייל.

פונעם מעכטיקן געזאַנג האָבן געציטערט די ווענט פון דער אַלטער געבײַדע און ס׳זײַנען בלײַך געוואָרן די ריכטער, וואָס זײַנען פאַרבליבן אין זאַל.

רעוואָליוציע. און דאן האָט זי אָנגעהויבן איינריידן: „אַרבעט, ליבינקע“.

דאָס איז אָבער נאָר פאַר די אַרבעטער. די זינדלעך פון דערזעלבער בורזשואַזיע האָבן גלייכצייטיק דורכגעפירט טעראָריסטישע אַקטן איבער די פראַנצויזישע אָפיצערן. וואָס ווילט איר דערגרייכן מיט דעמדאָזיקן מישפּט? אופדעקן אונדזערע מעשׂים? מיר באַהאַלטן זיך דען?

מיר זאָגן, אַז אונדזער סוינע איז די בורזשואַזיע פון אַלע נאַציאָנאַליטעטן און ראַסעס, אונדזערע פריינט זיינען — די פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער. טוט נאָר א קוק אפן נאַציאָנאַלן באַשטאַנד פון די באַשולדיקטע, צי דען איז דאָס ניט דער בעסטער באַווייז?..

— באַשולדיקטער לענצנער, איך נעם באַ אייך צו דאָס וואָרט. היינריך שטאָלץ!

— איך פאַרטייניק זיך צו לענצנערס ווערטער.

— פעלדמאַן!

— איך אויך!

— פּאָל איסטי!

— אין וואָס באַשולדיקט מען אונדז? אין געהערן צום קאָמיוג, צו דער פּאַרטיי? דאָס איז נישט קיין פאַרברעכן, נאָר א קאָוועד. איר באַשולדיקט אונדז, אַז מיר, פראַנצויזישע סאָלדאַטן, האָבן פאַרראַטן דאָס פאָטערלאַנד; מיר מיט אייך, הערן ריכטער, האָבן אָבער פאַרשיידענע פאָטערלאַנדן.

אייער פראַנקרייך פון דער בורזשואַזיע און פונעם ראַנטיע*) איז פאַר אונדז ניט קיין פאָטערלאַנד, נאָר א בייזע שטיפמאַ־

*) ראַנטיע — א מענטש, וואָס באַטייליקט זיך ניט אינעם הירטשאַפטלעכן לעבן, נאָר ער לעבט אויסשליסלעך אפ די פּראָצענטן פון ווערט־פּאַפּירן.

און דער פּראָקוראָר האָט גענומען לאַנג און אויספירלעך דערווייַזן, פאַרוואָס מע מוז עס אָנווענדן צו אַלע באַשולדיקטע די סאַמע שטרענגסטע שטראָף־מיטלען...

— די געריכט־אויספאָרשונג איז פאַרענדיקט, — האָט געזאָגט דער געריכט־פּאָרזיצער — דאָס לעצטע וואָרט באַקומען די באַשולדיקטע. — באַשולדיקטער ארטור פערבערג!

ס'האָט זיך אופגעהויבן אַן אַלטער בערגער, אַ קאָמוניסט.

— די מילכאָמע האָט זיך אוועקגעלייגט ווי אַ שווערע מאַסע אַף די פּלייצעס פון די אַרבעטער. דער וועלטסאַלער אָפּמאַך האָט נאָך מער פאַרערגערט די לאַגע. דערנאָך די אָקופּאַציע. וואָס האָט זי געגעבן די אַרבעטער ווייסן אַלע. אָט פאַרוואָס איך בין אַרויסגעטראָטן קעגן דער בורזשואַזיע אונדזערער און קעגן דער פראַנצויזישער. איך וועל זיך שלאָגן מיט איר ביזן סאָף פון מייַן לעבן. אייַער געריכט קען מיך ניט מישפּעטן, איך שפּיַי אַף אים.

— הייסט עס, אויך אַף דער עלטער ווילט איר ניט כאַראָטע האָבן? — האָט געפרעגט דער פּראָקוראָר.

— איך האָב ניט אַף וואָס כאַראָטע צו האָבן.

— זעצט זיך. באַשולדיקטער לענצנער!

— אונדזער בורזשואַזיע האָט זיך דערשראָקן, זי האָט אָפּגעגעבן אירע פּאָזיציעס. פריער האָט זי אונדז, אַרבעטער, גערופן צו שטרייַקן און צו אָפּשטעלן דעם קוילן־אַרויסבאַקום, און דערנאָך... דערמאַנט זיך נאָר אָן דעם בירגערמייַסטער לוטערבעק, וועלכער האָט זיך געווענדעט נאָך הילף צו זייַן פאַרביסנסטן סוינע. וואָס הייסט עס?

די בורזשואַזיע האָט זיך דערשראָקן פאַרן געשפּענסט, וואָס זי האָט אַלײן שיר ניט אַרויסגערופן — פאַר דער סאָציאַלער

שוין דערעסן דעם אוילעם, און קיינער קוקט זיך איצט אפ זיי ניט אום.

קיינמאָל האָט מען וועגן מײַנצ אזויפיל ניט גערעדט אין פראנקרײַך און אין דײַטשלאנד. און וויאזוי זאָל מען ניט ריידן! אפ דער באשולדיקונג־באנק זיצן העכער הונדערט מאן דײַטשן, פראנצויזן, אראבער, נעגערס... 18 פארשיידענע נאציאָנאליטעטן, א צענדליק איבערזעצערס.

דאָס טראדיציאָנעלע:

— אופשטיין, דער געריכט גייט!

דאָס טראדיציאָנעלע אויסרופן: היינריך שטאָלצ, פאָל איסטי, קארל לענצנער, על־קערים, פעלדמאן, יאָסיפ מארינג...

צוויי שאָ האָט זיך געצויגן דאָס אויסרופן אפ פארשיידענע שפראכן און דיאלעקטן. נײַן שאָ האָט מען געלייענט דעם באשולדיקונג־אקט, און די איבערזעצער־ארמיי האָט אים איבערגעזעצט אפ א צענדליק שפראכן. עפיזאָד נאָך עפיזאָד איז דורכגעגאנגען פאר די צוהערער.

די גאנצע באשולדיקונג האָט מען געקענט אויסדריקן אין איין וואָרט:

— בונט!

— פאר אײַך, הערן ריכטער, געפינען זיך נישט גאָר קיין געוויינלעכע פארברעכער. זיי זײַנען אין דער מערהײַט יינגלעך, אייניקע האָבן נאָך אפילע קיין וואָנצן נישט.

איך וויים, אז אפ אייניקע וועט עס שטארקווירקן. אָבער וויכהערציקײַט בענעגייע צו די פארברעכער וועט שוין פאר זיך אליין זײַן א פארברעכן קעגן דעם פאָטערלאנד און קעגן דער גערעכטיקײַט. מיט זייער טעטיקײַט צום שאָדן פון דער ארמיי האָבן זיי...

דאָך האָבן דידאַקטיקע אַלע מיטלען נישט אָפּגעהאַלטן אונדז פֿון ווײַטערדיקער אַרבעט. ס׳איז נאָך אפֿילו ניט אַריבער קיין צוויי כאַדאָשים נאָכן געיעג אויפֿן „רעקרוט״, און ס׳האָט זיך שוין באַוויזן דער „רויטער רעקרוט״. אויך אַצינד האָט זיך די פּאָליצײַ ניט שטאַרק אויסגעצייכנט מיט איר שפּיר־פֿעיִקײַט.

וועגן דעם אָבער וועל איך אײַך דערציילן ווען ס׳איז אַ צווייט מאָל, — האָט דער סערזשאַנט־קאָמיוגיסט פֿאַרענדיקט זײַן מײַסע.

*

דערנאָך האָט ער שטאָלץ דערציילט, ווי׳אַזוי איין קאָמיוגיסט פֿון זײַן קאַמערל האָט צעקלעפּט פּראָקלאַמאַציעס, און איין פּראָקלאַמאַציע האָט ער אָנגעקלעפּט דעם שוצמאַן אויף דער פּלייצע, אין דער צײַט, ווען אַ צווייטער קאָמיוגיסט האָט דעם שוצמאַן פֿאַרנומען מיט עפּעס פּוסטע שאלות.

וועגן דעם, ווי׳אַזוי די פּראָווינציעלע קאָמיוגיסטן האָבן געפֿירט די פּאַריזער פּאָליצײַ פֿאַר דער נאָז־באַם אַרויסלאָזן דעם „רויטן רעקרוט״, האָט שוין די קאַמער ניט געהערט, ווײַל אויף מאָרגן האָט מען די אַרעסטירטע געמאָלדן דעם טאָג, ווען ס׳וועט פֿאָרקומען זייער מישפּעט, און דער פֿרײַלעכער סערזשאַנט האָט צוזאַמען מיט אַלע איבעריקע באַשולדיקטע אָנגעהויבן פֿלײַסיק זיך גרייטן צום געריכט.

## „דער געררעכטער און גנעדיקער געריכט״

די אַלטע מיטלאַלטערלעכע געבײַדע האָט נאָך ניט געזען אַזאַ אויפֿגעלעבטקייט. פֿאָטאָגראַפֿן, קינאָ־אַפּאַראַטאָרן, קינסטלער דרייען זיך פֿאַרבײַ דער באַשולדיקונג־באַנק, קנאַקן מיט די אַפּאַראַטלעך און מאַכן פֿאַרצייכענונגען. די מאַגני־בליצן האָבן

צום אָנהייב איז אלץ געגאנגען, ווי מיר האָבן אויסגערעכנט. נאָך איידער די פּאָליציי האָט צעקײַט וואָס דאָ טוט זיך, האָבן מיר זיך שוין ארופגעקליבן אפן אווטאָמאָביל. דעמאָלט איז פּאָרגעקומען סאמע דאָס לעכערלעכסטע. אין דעם מאָמענט, ווען אונדזער אווטאָמאָביל האָט א ריר געטון פון אָרט, האָט זיך א גאנצע מאכנע פּאָליציִאנטן אָנגעכאפּט אינעם אווטאָמאָביל, און געוואָלט אונדז אָפּשטעלן. די מאשין האָט זיך אָבער א ריס געטון און די פּאָליציִאנטן זײַנען אָפּגעשלײַדערט געוואָרן ווײַט אין בײדע זײַטן. דאָס האָט פארשאפט ניט ווייניק פאר־געניגן דער גרויסער צאָל דורכגייער, וואָס זײַנען אין דער צײַט געגאנגען צו דער ארבעט.

דאָך איז דער פּאָליציי באלד געלונגען צו דערוויסן זיך דעם אדרעס פון איינער פון די דירעס, ווו מיר האָבן באהאלטן אונדזער צײַטונג. ארײַנגייענדיק אינעווייניק האָבן זיי זיך ניט אײַנ־געשטעלט; דאָך האָבן זיי סאמע פאר דער טיר פארהאלטן פיר כאווײרים, וואָס זײַנען פון דאָרט זאָרגלאָז ארויסגעגאנגען מיט די נומערן „רעקרוט“.

דאָס איבעריקע איז גוט באוווּסט. אין מעשעך פון צוויי וואָכן זײַנען אוועקגעשטעלט געוואָרן אין פולער שלאכט־גרייטקײַט די אלע מענטשן, וואָס זײַנען בארופן צו באשיצן די יעסוידעס פון דער געזעלשאפט. ס׳זײַנען געמאכט געוואָרן העכער הונ־דערט אונטערזוכונגען. די שטאב־קווארטיר פונעם פארבאנד האָט מען צעקלאפּט, און כוצדעם האָט מען אין פאריזש און אין דער פּראָווינץ פארהאלטן הונדערט און פערציק יונגע כאווײרים, און מ׳האָט זיי באשולדיקט אין אנטימיליטאריסטישער פּראָפּא־גאנדע און אין גרינדן א געהיימע געזעלשאפט, וואָס שטעלט זיך פאר א ציל אראָפּצוווארפן די עקזיסטירנדיקע אָרדענונג...

דזערע כאוויירים אזוי פאָרמולירט די פראָגראם פון דעם, וואָס מיר האָבן באלד צו טון.

— נעמט דידאָזיקע פעקלעך „געדעכטיקײַט" [1], פארוויקלט אין זיי אונדזער „רעקרוט" און זאָלן די דרוק־ארבעטער, וואָס האָבן כיישעק אביסל א שפּיל צו טון זיך, ארויסטראָגן דידאָזיקע פּעקלעך פון דרוקערײַ. איך בין זיכער, אז זיי וועלן דורכגיין, אפצולאָכעס דער פּאָליציי.

געזאָגט — געטון: די ארבעטער האָבן גענומען די פּעק און פארטראָגן זיי אין א געדונגענעם אווטאָמאָביל, וואָס עמעצער פון אונדז האָט אפּ יעדן פאל באצײַטנס ארויסגערופן.

שטעלט זיך פאָר, אז דערזעענדיק די קעפּלעך פון קלעמאנסאָס [2]) אָרגאַן, וואָס האָבן זיך שטארק געוואָרפן אין די אויגן, זײַנען די פּאָליציאַנטן גרייט געווען צו שטעלן זיך פאר זיי אין פראָנט.

מיר האָבן געקײַכט פון געלעכטער, צוקוקנדיק דורכן פענצטער, וואָס אין דרויסן קומט פאָר.

דערווײַל איז אָבער געווען פארענדיקט נאָר דער ערשטער טייל פון דער היסטאָריע. אצינד האָבן מיר זיך געדאַרפט אליין ארויסדרייען, קעדיי צו באזאָרגן דעם אווטאָמאָביל אפּ א זיכערן אָרט. מיר האָבן באשלאָסן ארויסצוגיין וואָס שנעלער און דורכשמוגלען זיך מיט אונדזערע פּעקלעך אין דער צײַט, ווען אונדזערע קעגנער וועלן מיסטאמ אפּ א מינוט צעטומלט ווערן פון אונדזער אומגעריכטן מאנעווער.

---

[1]) „רעקרוט" האָט זיך געדרוקט אין איין דרוקערײַ מיט דער צײַטונג „געדעכטיקײַט" — קלעמאנסאָס אָרגאַן, איינע פון די סאמע רעאקציאָנערסטע צײַטונגען אין פראנקרײַך.

[2]) א באוווּסטער פראנצויזישער רעאקציאָנערער פּאָליטישער טוער.

— קלאָר, אז פון דײַטשלאַנד; גיי באלד און גיב איבער דײַן שעף. דו פארשטייסט, מע באַצאָלט אונדז קעדײַ מיר זאָלן אופּרודערן די געזעלשאַפטלעכע מיינונג און ארויסרופן א פּאניק. כ׳מיין, ס׳איז פארשטענדלעך? און אצינד מיטן רעכטן פוס מארש, צום טײַוול, אויב דו ווילסט נישט...

דער כאוועה סאָלער איז שוין געווען גרייט מעכאבעד זײַן אים מיט א פּאנטאָפל. איר מעגט מיר גלויבן, אז ער האָט אונדז ניט געצוווּנגען איבערצוכאַזערן דעם באפעל. איינס איז יעדנפאלס געווען קלאָר: די לאגע איז געוואָרן ערגער. פון מינוט צו מינוט האָט געקענט אָפּגעגעבן ווערן א באַפעל וועגן אן אונטערזוכונג. פון דער אנדערער זײַט, וואָלט איצט געווען צו ריזיקאַליש ארויסצוגיין אפן גאס מיט די נומערן „רעק־רוט." פירן אנטקעגן צוויי טוץ—דאָס איז שוין גאָר ניט קיין גלײַכע שפּיל.

ערגעץ האָט דער זייגער פאמעלעך געשלאָגן זעקס. איינער נאָכן אנדערן זײַנען אָנגעקומען די ארבעטער פון דער צווייטער וואכטע און האָבן פארנומען זייערע ערטער. די ארבעטער פון דער באנאכטיקער וואכטע האָבן זיך צוביסלעך אײַנגעוואשן און געגרייט זיך אוועקצוגיין פון דער דרוקערײַ, ווו ס׳האָבן זיך סאכאקל מיט עטלעכע שאָ צוריק אָפּגעדרוקט הונדערטער טויזנטער בּוּהזשואזע בלעטלעך, וואָס האָבן אפן פרימאָרגן געדארפט פאנאנדערטראָגן איבער דער גאנצער וועלט זייערע טאָגטעגלעכע ליגונים.

ווער ס׳איז דער ערשטער פון אונדז געפאלן אפ דעמדאָזיקן געדאנק, וואָס האָט אונדז געדארפט ארויספּלאָנטערן פון דער צאָרע, איז מיר שווער צו זאָגן. מעגלעך, אז אלע מיטאמאָל האָבן זיך דערטראכט דערצו. יעדנפאלס האָט איינער פון אונ־

גערט זיכ ארײַנ צו אונדז אינ דרוקערײַ א פארסאפעטער דער פאראנטוואָרטלעכער רעדאקטער פונ „רעקרוט" וויליאמ.

— צו שפעט! די פּאָליציי שפּירט מיכ נאָכ פוס־טריט! כ'האָב גאָרניט געקאָנט טונ אפ זיכ ארויסצודרייענ פונ זיי. געפּרווט פארדרייענ זיי איינ מאָל, א צווייטנ מאָל, ס'האָט ניט געהאָלפנ, סאמע בא דער טיר האָבנ זיכ די זעקס פּאָליציאנטנ, וואָס האָבנ מיכ נאָכגעשפּירט, פארמערט אזויווי די הייׁשעריקנ...

— דער שעד זאָל זיי נעמענ! אונ וויפל זײַנענ זיי אינגאנצנ?

— שווער צו זאָגנ. עפּשער בא א צוויי טוצ.

די ראָטאציאָנס־מאשינ האָט געארבעט, ניט קוקנדיק אפ אונדזער פארלעגנהײַט.

— אנטשולדיקט, דאָס זײַנט איר דער הער הויפּט־רעדאק־טער פונ „רעקרוט"?

בא דעמ וואָרט „הער", וואָס האָט מיט קיינ גוטס ניט געש־מעקט, האָבנ מיר זיכ אלע גלײַכ אומגעקוקט. פאר אונדז איז געשטאנענ א קליינוווקסיקער מענטש, וואָס איז פּלוצימ אראָפּ־געפאלנ אזויווי פונ הימל. א שעמעוודיקער בליק, א פּלאטשי־קע נאָז, א לאנגע באָרד, א הוט מיט ברייטע ראנדנ — דאָס אלצ האָט פאר א מאַל געשמעקט מיט „שפּיק". אלנפאלס האָט דערדאָזיקער מענטש פארמאָגט ניט ווייניק כוצפע, ווײַל ער איז טייקעפ צוגעטראָטנ צומ איניענ.

— אונ אפ וואָס דארפסטו דעמ רעדאקטער, כאווער? ווילסט זיכ דערוויסנ דעמ טיראזש פונ „רעקרוט"? צומ ווינציקסטנ 200.000 עקזעמפּליארנ. וואָס מיר קלערנ טונ מיט זיי? פארשטייט זיכ, אז מיר וועלנ זיי בעשומיפּנ ניט פארשפּרייטנ צווישנ אזוינע ווי דו, נאָר דאָרט, ווו ס'וועט אונדז אליינ געפעלנ ווערנ.

— נאָכ איינ פראגע. פונוואנענ האָט איר גענומענ געלט?

# וויאזוי הער קלעמאנסאָ האָט אומגערנ געהאָלפנ דעמ פראנצויזישנ קאָמיוג.

— איכ דערמאָנ זיכ אָפּט,—האָט דער סערזשאַנט אָנגעהויבּנ זײַנ דערציילונג,— אינ איינעמ זייער א טשיקאווּנ פאל, וואָס איכ וויל אײַכ אימ איצט דערציילנ.

מיר האָבּנ באשלאָסנ ארויסגעבּנ א אנטי־מיליטאריסטישע צײַטונג „רעקרוט". אלצ איז שוינ געווענ דורכגעמאכט בּיז די קלענסטע פּראָטים: דאָס דרוקנ, פאנאנדערשיקנ, פארשפּרייטנ.

אונ אָט זײַנענ מיר אלע געשטאנענ אינ דרוקערײַ אונ געקוקט, ווי פונ דער ראָטאציאָנס־מאשינ קאטשענ זיכ די גע־דרוקטע בּויגנס איינער נאָכ דעמ אנדערנ, איינער נאָכ דעמ אנדערנ.

מיט דער פּאָרזיכטיקסטער געהיטקײַט האָבּנ מיר צונויפ־געלייגט די נומערנ „רעקרוט". ס'איז נישט געווענ קיינשומ־כעסרוינעס, קיינשומ פעלערנ, אלצ איז געווענ פּאָרויסגעזעהנ. די בּעסטע פארטייישע ליטעראטאָרנ האָבּנ צוגעשיקט זייערע אר־טיקלענ. אינאיינעמ מיט די באשיידענע ארטיקלענ פונ די געוויינ־לעכע טוער, זײַנענ געווענ ארטיקלענ פונ בּארבּיוסנ, דאָריאָ, קאשענ*). אונ די וויניעטקע—איבּערנ שלאכטפעלד א היענע א באקרוינטע מיט א לאָרבּער־קראנצ—וואָס פאר א דערפאָלג זי וועט עס האָבּנ.

אזוי האָבּנ מיר געפּלוידערט אינ דער צײַט, ווענ ס'האָט זיכ געשאפנ דער „רעקרוט". צו פינפ אזייגער אינדערפרי איז שוינ האלבּ פונ די בּלעטלעכ געווענ פארטיק. פּלוצימ וואל־

*) אנרי בּארבּיוס — א באוווסטער פראנצויזישער שרײַבּער — קאָמוניסט. דאָריאָ אונ קאשענ — פירער פונ דער פראנצויזישער קאָמפּארטיי.

קאָמוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע פּאַרכאַפּט אַלץ בּרייטערע קרײַזן, אַז די גרויסע מאַסן דײַטשישע אַרבּעטער האָבּן פאַרשטאַנען, ווי ווײַט נייטיק ס'איז צו פירן אַן אַכזאָריעסדיקן קאַמף סײַ קעגן די דײַטשישע, סײַ קעגן די פראַנצויזישע קאַפּיטאַליסטן.

די טעג בּיזן פּראָצעס האָבּן זיך געצויגן פּאַמעלעך, און קעדיי די צײַט צו פאַרטרײַבּן, האָבּן דערווײַל די פראַנצויזן אין די קאַמערן געלערנט מיט די דײַטשן די פראַנצויזישע שפּראַך, און די דײַטשישע כאַוויירים האָבּן געלערנט די פראַנצויזן די דײַטשישע שפּראַך. און אַז דאָס האָט זיך אויך צוגעגעסן, האָט מען גענומען דערציילן איינער דעם אַנדערן פאַרשיידענע געשיכטעס.

אַלע האָבּן געהאַט וואָס צו דערציילן, און מע האָט זיך אַפילע ניט אַרומגעזען, ווי די צײַט לויפט.

דער סערזשאַנט, וואָס איז אונדז שוין בּאַקאַנט, אָט דער־זעלבּער, וואָס האָט געפירט די קאַטוילישע סאָלדאַטן אין ליוך־טעראַנישן קלויסטער, האָט אין דער אַלגעמיינער קאַמער מיט זײַנע מײַסעס זייער שטאַרק אויסגענומען. דאָס איז געווען אַ לעבּנסלוסטיקער יונגער פראַנצויזישער אַרבּעטער, אַן אַקטיווער טוער פון דער פּאַריזשער אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט אַלעמען געמאַכט לאַכנדיק מיט זײַן אומגעלומפּערטן דײַטשישן אַקצענט.

פון אַלע זײַנע געשיכטעס איז בּאַזונדערס געפעלן געוואָרן די מײַסע, ווי־אַזוי זיי האָבּן אין פּאַריז אַרויסגעלאָזט אַן אומלעגאַלע צײַטונג *).

*) גענומען פון דער כרעסטאָמאַטיע איבּער דער געשיכטע פון דער יוגנט־בּאַוועגונג, צונויפגעשטעלט פון וול. פּיראָשעווסקי.

נישט קוקנדיק אפ לאזבס יאָמערלעכע געשרייען, האָבן זיי אים אין מעשעכ פון עטלעכע שאָ געשלאָגן איבער דער נאָז. ער איז געפאַלן כאַלאָשעס. האָט מען אים מיט וואַסער אָפּגע־געמינטערט און ווײַטער געשלאָגן.

און אַזוי האָט זיך עס געצויגן אַסאַך טעג. די פאַרהערן האָט מען איבערגעריסן, קעדיי אָפּ מאָרגן זיי ווידער צו באַנײַען.

באַם באַנײַטן פאַרהער האָט דער זאָלינגענער קאָמיוגיסט, כאַווער דאָסקאָווסקי, גענומען אָפּ זיך, אַז ער איז דאָס דער אָנפירער פון דער אָרגאַניזאַציע, קעדיי אַרויסצוראַטעווען דער־מיט זײַנע כאַווײרים פון נײַע פּײַניקונגען. ער האָט גערעכנט צו פאַרקלענערן דערמיט די יעסורים פון זײַנע כאַווײרים. דערדאָזיקער העלדישער טאַט האָט אָבער אַרויסגערופן נאָכ־מער אַכזאָריעסדיקע מערדערײַען איבער די אַרעסטירטע.

דאָסקאָווסקי האָט אַ סאָך געמאַכט צו דידאָזיקע יעסורים מיט דעם, וואָס ער האָט זיך אַליין גענומען דאָס לעבן.

•

ענדלעך האָבן די „פאַרהערן" זיך אָפּגעשטעלט, און די אַרעסטירטע, וואָס מע האָט פון אַלע עקן רור צונויפגעפירט קיין מײַנצ *), האָבן באַקומען אַ מעגלעכקײַט אָפּצוכאַפּן אַביסל דעם אָטעם פאַרן פּראָצעס. די אַרעסטירטע האָבן זיך צונויפ־גערעדט, ווי אַזוי צו האַלטן זיך אָפּן מישפּעט, ווער וואָס סע דאַרף ריידן.

די שטימונג איז געווען אַ מונטערע און אַ געהויבענע.

פון דער פרײַ האָט מען איבערגעגעבן, אַז ניט קוקנדיק אָפּ די אַרעסטן, האָט זיך די אַרבעט ניט אָפּגעשטעלט, אַז די

*) מײַנצ — אַ שטאָט אין רורער געגנט.

## די שטראָף

גלײַך אַף מאָרגן נאָכן אַרעסט האָט זיך אָנגעהייבן דער פאַרהער. די אַרעסטירטע האָט מען געפירט צום אויספאָרשער איינציקווײַז; מע האָט זיי אויך געפירט צו צוויי און צו דרײַ, קעדיי שטעלן זיי אויג אַף אויג. מע האָט זיי אײַנגערעדט, אײַנגעבעטן, געדראָט און געשלאָגן. געשלאָגן האָט מען לאַנג, פלײַסיק, מיט געניטקײַט. מע האָט געשלאָגן... העפלעך.

דעם באַוער מאַקס, אַשטייגער, האָט מען העפלעך געבעטן ער זאָל אַפּריִער אַראָפּנעמען די ברילן, קעדיי ס'זאָל זײַן באַק־וועמער אים צו שלאָגן. ער האָט אַראָפּגענומען די ברילן, און די „קולטורעלע" פויסטן פון די פראַנצויזישע געהיים־אַגענטן האָבן אים צעזעצט דעם פּאָנעם. הערמאַן לאַוב דעם סעקרעטאַר פונעם קאָמיוגישן קאָמיטעט, האָט מען געניריקט אין מעשעך פון עטלעכע טעג.

זעקס באַאַמטע פון דער פראַנצויזישער רעפּובליק האָבן אויסגעפּרוּווט זייערע קויכעס אַף דעמדאָזיקן באַוער, זיי האָבן אים געשלאָגן מיט די פויסטן און מיט די פיס. זיי האָבן אָנגעווענדעט אַלע מיטלען פון פּײַניקן, וואָס זײַנען באַוווּסט אין דער אַלוועלטלעכער פּאָליציייִשער פּראַקטיק; זיי האָבן זיך אָבער פון אים גאָרניט געקענט דערשלאָגן.

דעמאָלט האָבן זיי צו אים גענומען אָנווענדן די לעצ־טע דעראָבערונג פון דער פראַנצויזישער פּאָליציייִשער טעכניק.

דער פּאָליציי־קאָמיסאַר האָט אַליין מיט זײַנע הענט אַרײַנגע־שטעלט אים אין נאָז אַרײַן אַזאַ באַזונדער אַפּאַראַט, וואָס פאַר־שאַפט אומענטשלעכע יעסורים...

דעם 25־טן יאנוואר 1924 האָט זיך אין דער פראנצויזישער צייטונג „טאן“ באוויזן די ידיעה:

> „דער פראנצויזישער אויסשפיר־פּאָליציי איז געלונגען צו אופדעקן א קאָמוניסטישע אינטערנאציאָנאַלע שייקע, וועלכע האָט זיך פארנומען מיט אנטימיליטאריסטישער פּראָפּאגאנדע צווישן די סאָלדאטן פון דער פראנצויזישער אָקופּאציע־ארמיי. ס'זיינען ארעסטירט העכער 70 פּערזאָן.“

בעערעך אין דערזעלבער צייט האָט דער קריגס־מיניסטער פון דער פראנצויזישער רעפּובליק, הער מאזשינאָ, וועלכער האָט זיך אומגעקערט פון זיין נסיעה איבער רור, געגעבן אן אינטערוויו א צווייטער בורזשואזער צייטונג „מאטען“; אין דעמדאָזיקן אינטערוויו האָט ער באשטעטיקט, אז דער מאָראַלער צושטאנד פונעם חייל איז אזוי, וואָס מע דארף גאָר ניט בעסער, און אז די גאנצע קאָמוניסטישע פּראָפּאגאנדע האָט ניט געהאט קיינשום ווירקונג אפ די סאָלדאטן.

דער הער מאזשינאָ איז געווען גערעכט.

דער מאָראלישער צושטאנד פונעם חייל איז ווירקלעך געווען אן אויסגעצייכנטער, אָבער אויסשליסלעך לעטוויוועס דער קאָמוניסטישער פּארטיי.

און דעריבער האָט מען אוועקגעשיקט קיין רור פראנצויזישע אויסשפּיר־פּאָליציי, כדי צו אופדעקן די קאָמוניסטישע אָרגאניזאציעס.

ס'האָט אונדז שטאַרק געשטערט אין דער אַרבעט. מע דאַרף, אַז אַפֿ דערדאָזיקער בּאַראַטונג זאָלן בּאַגלײַך מיט די קאָמי־טעט־מיטגלידער און די קעמערלעך-סעקרעטאַרן אויך אַרויס־טרעטן די אַרבּעטער, וואָס פֿירן אָן מיט אונדזער טעכניק. מיר דאַרפֿן דאָ אָנמערקן מיט די פֿראַנצויזישע כאַווייִרים בּעסערע פֿאָרמעס, ווי צו פֿאַרבּינדן זיך מיט דעם אָקופּאַציע־מיליטער, בּאַזונדערס אַפֿן געבּיט פֿון פֿאַרשפּרייטן אַגיטאַציע־ליטעראַטור.

דער כאַווער מאַקס, וואָס געפֿינט זיך דאָ פֿונעם פּאַרטיי־קאָמיטעט, וועט אונדז בּאַלד אײַנקורצן דערציילן וועגן דער פּאָליטישער לאַגע. אים גיב איך טאַקע דאָס ערשטע וואָרט.

כ' מאַקס — שוין אַ בּאַיאָרטער, עטוואָס דיקלעכער אַרבּע־טער — האָט גאָר שטיל אָנגעהויבּן זײַן אינפֿאָרמאַציע. אַלע האָבּן אופֿמערקזאַם געהערט דעם פֿאָרטרעגער, כוץ די צוויי כאַווייִרים, וואָס מע האָט זיי אַרויסגעשטעלט פֿאַר אַ שמירע.

ניט ווײַט האָט זיך דערהערט אַ שאָרך.

— היי, ווער איז דאָרט, דעם פּאַראָל?

— שטייט! ניט פֿון אָרט!.. — האָבּן זיך אַ שוואַרץ געטון פֿון הינטער די זײַדענע אָטשערעט־קעפּלעך די אָנגעשטעלטע בּיקסן. — איר זײַנט אַרעסטירט!

ווי אַפֿ צולאָכעס האָט זיך די לעוואָנע אַרויסגערוקט פֿון די וואָלקנס און בּאַלויכטן דעם פּלאַץ מיט אַ טויטער בּלאַסער שײַן. אַנטלייפֿן איז געווען אומעגלעך. דאָס וואָלט געהייסן — לויפֿן גלײַך צום טויט אין די הענט אַרײַן.

ציטערנדיק פֿאַר קעלט, זײַנען די פּופּצן אָנטיילנעמער פֿון דער דורכגעפֿאַלענער בּאַראַטונג אַוועק אין שטאָט אַרײַן, אַרומגערינגלט מיט אַ גרויסן אָטריאַד פֿראַנצויזישע סאָלדאַטן. מע האָט זיי אַוועקגעפֿירט אין שטאַבּ.

די כעוורע, וואָס האָבן ארומגערינגלט דעם פראנצויז, האָבן זיך פריילעך צעלאכט און צוגעגרייט זיך שוין צו דער ווײַטער־דיקער מײַסע, היינריך האָט אים אָבער איבערגעשלאָגן:

— כאוויירים, צײַט אָנצוהייבן.

די פארזאמלטע האָבן זיך אויסגעזעצט אין א ראָד. היינריך האָט צוגעוואָרט נאָך א פּאָר מינוט.

—נו, דוכט זיך, אלע,—האָט ער געזאָגט,—אצינד הייבן מיר אָן.

— וואָס הייסט אלע? ס'האָבן זיך דאָך צונויפגענומען פופצן און ס'דארפן זײַן דרײַ און צוואנציק.

— די איבעריקע וועלן ניט קומען: זיי זײַנען ארעסטירט. הייבן מיר, הייסט עס, אָן. איז אָט, כאוויירים, פון וואָס ס'האנדלט זיך. אפן סמאך פון דער דערפארונג, וואָס מיר האָבן שוין, דארף די איצטערדיקע באראטונג אָנצייכענען דעם ווײַטערדיקן וועג פון אונדזער ארבעט.

מיר האָבן גרויסע זיכערע דערגרייכונגען. דאָס דריקט זיך, ערשטנס, אויס אין דעם, וואָס אונדזער אָרגאניזאציע איז איצט צונויפגעשמידט שטארקער, ווי טאָמיד. צווייטנס, האָבן מיר זיך פאר א קליינער צײַט דערשלאָגן באדײַטנדיקע רעזולטאטן אין דער אנטימיליטאריסטישער ארבעט צווישן דעם אָקופּאציע־מיליטער און אין אײַנשטעלן א פארבינדונג מיט די פראנצויזישע קאָמיוגיסטן, וואָס געפינען זיך דאָרטן.

דאָך וועט זיך צווישן די פארזאמלטע קאם געפינען כאָטש איין כאווער, וועלכער זאָל זיך בארויִקן אפ אונדזערע דערגרייכונגען. מיר האָבן אסאך כעסרוינעס אין אונדזער ארבעט. אונדזער אָרגאניזאציע איז קימאט אָן קיינשום צוגרייטונג אריבערגעגאנגען אפ אָן אומלעגאלער לאגע. דידאָזיקע ניט־צוגעגרייטקײַט האָט אונדז געקאָסט אסאך ארעסטירטע, און

קיין קאטוילישן קלויסטער, נאָר אין א דײַטשישן, פּראָטעס־טאנטישן. איז קיין ווונדער ניט, וואָס די דאָזיקע גאָטעסדינסט האָט בא די פּאָשעטע ברעטאָנער פויערים אויסגעזען אביסל אומגעוויינלעך.

פונקט אין א שאָ ארום האָב איך זיי אָפּגעפירט צוריק אין קאזארמע. נאָך דער דאָזיקער געשיכטע האָבן די סאָלדאטן פארלוירן דעם מינדסטן כיישעק צו גיין זונטיק אין קלויסטער ארײַן... קיינשום אײַנרעדענישן פונעם גאָטספאָרכטיקן קאפּי־טאן האָבן ניט געהאָלפן.

אינגיכן איז אָבער קלאָר געוואָרן די עמעסע סיבע פון אזא מין פלוצימדיקער אָפּשוואכונג פון רעליגיעזע געפילן בא די „מענטשן".

האָט מיך דעמאָלט דער קאפּיטאן ארויסגערופן אפ א דער־קלערונג.

— זאָגט מיר, סערזשאנט, וווהין האָט איר געפירט די סאָל־דאטן?

— אין קלויסטער, הער קאפּיטאן.

— אין אוועלכן קלויסטער?

— אין דעם סאמע שענסטן היגן קלויסטער מיט צוויי גלאָקן־טורעמס, הער קאפּיטאן.

— גוילעם, איר האָט זיי דאָך געפירט אין א דײַטשישן קלויס־טער. אויב ס׳וועט זיך נאָכאמאָל אזוינס איבערכאזערן, וועט איר האָבן צו געדענקען. דעם אדרעס פון קאטוילישן קלויסטער דארפט איר וויסן פונקט אזוי גוט, ווי דעם אדרעס פון שטאב *).

---

*) דעם סערזשאנטס דערציילונג איז גענומען פונעם זאמלבוך „דער אל־וועלטלעכער קאָמיוג אין קאמפ" אונטער דער־רעדאקציע פון ז. וויינבערגער.

קלויסטער? וואָס? כ׳מיין ניט, ס׳זאָלן זיך געפינען אזוינע! ריכ־טיק, ניטאָ בא אונדז אזוינע!

אזעלכע מינע פראגן פון מײַן זײַט (ווי ס׳זאָל ניט זײַן, בין איך דאָך פאָרט נאטשאלסטווע) האָבן געהאט פונקט די ווירקונג, וואָס זיי האָבן געדארפט האָבן.

די סאָלדאטן האָבן באשלאָסן אין קלויסטער ארײַן ניט גיין.

א שטארק צופרידענער קער איך מיך אום צום קאפיטאן:

— הער קאפיטאן, קיינער האָט ניט קיין פארלאנג צו גיין אין קלויסטער.

— וואָס הייסט קיינער ניט?.. אָט וועל איך אליין מיט זיי א רעד טון!

נאָך דעם קאפיטאנס רעדע האָט די גאנצע ראָטע טייקעף אויפגעהויבן די הענט און באוויזן דערמיט, אז זיי ווילן גיין דאווענען.

— סערזשאנט, איר באגלייט די מענטשן אין קלויסטער ארײַן.

— כ׳הער, הער קאפיטאן.

צו פיר אין א ריי איז די ראָטע מיט געמאָסטענע טריט אוועק אין קלויסטער ארײַן. צוגעגאנגען צום קלויסטער, מאך איך לויטן סטאטוט דעם פאָרגעשריבענעם האלבקרײַז, און איך גיי מיר אוועק אין דעם שכייניש רעסטאָראן עסן ווארמעס. די סאָלדאטן האָב איך געמאָלדן, אז אין א שאָ ארום וועל איך קומען נאָך זיי.

די סאָלדאטן גייען ארײַן אין קלויסטער, דאָרטן גייט אָבער עפּעס א מאָדנע גאָטעסדינסט, אן אומגעווײנלעכע און נאָך עפּעס אפ אן אומגעהערטער שפראך. זיי האָבן גאָרניט ניט פארשטאנען, און זיי זײַנען צעטומלטע ארויס פון קלויסטער די מײַסע איז, וואָס איך האָב זיי בעקיוון געפירט ניט אין

ס׳איז געווען קאלט. די וואָלקנס האָבן אינגאנצן פארשטעלט די לעוואָנע. פון טײַך האָט געבלאָזן א ווינט. דער אָטשערעט האָט זיך פויל באַוועגט. ארטור האָט מיט כשאד געוואָרפן זײַ־טיקע בליקן אף דעם אומבאקאנטן מאָגערן יונג, וואָס האָט עפּעס לעבעדיק דערציילט אין א שלעכטן דײַטשיש. א פינף — זעקס כעוורע האָבן אים געהערט. אָפט האָט זיך געהערט א צוגעשטיקטער געלעכטער.

— ווער איז ער? — האָט ער א פרעג געטון הײַנריכן.

— א פראנצויזישער סערזשאנט; די גארניזאָנישע קאָמיוג־אָרגאניזאציע האָט אים צוגעשיקט אף דער באראטונג. מיר האָבן אים ווי עס איז איבערגעטון אין ציווילן. ביז אלע וועלן זיך צונויפקלײַבן לאָמיר דאָ דערווײַל אויסהערן, וואָס דערציילט ער עס אזוי פריילעך.

דער פראנצויז איז געשטאנען אין א פידזשאק, וואָס איז אף אים מאָדנע קאָמיש געלעגן, ער האָט געמאכט מיט די הענט און פאָרגעזעצט דערציילן:

— ... אין פאָלק בא אונדז איז דער אוילעם אן אָפּגעשטא־נענער, א רעליגיעזער. דעריקערשט פויערים — ברעטאָנער און וואנדייער.

אין איינעם א זונטיק רופט מיך ארויס דער קאפּיטאן, א פארביסענער קאטאָליק, און ער זאָגט מיר:

— סערזשאנט, טוט נאָר א פרעג אײַערע מענטשן, צי ווילן זיי ניט צוגיין אין קלויסטער?

— כ׳הער, האר קאפּיטאן.

איך לאָז מיך אוועק צו די סאָלדאטן און איך מעלדע זיי אנערעך אזוי:

— צי דען זײַנען פאראן אזוינע, וואָס ווילן גיין אין

קעס זײַנען געקומען, ראַפּאָרטירט, באַקומען אינסטרוקציעס און אַוועק.

דעם גענעראַל דעגוטס שטאַב איז איצט אייגנטלעך פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין אַ קאַראַנטין. אַהערצו האָט מען געבראַכט צו פירן די אַרעסטירטע, דאָ האָט מען זיי פאַרהערט און געמאַכט זיי „מאַסאַזשן", פונדאַנען זײַנען אַרויסגעגעבן געוואָרן באַפעלן צו אַרעסטירן.

ס׳האָט זיך צעקלונגען דער טעלעפאָן. דעם גענעראַל דעגוטס אויסגעיידלטע האַנט האָט גענומען דאָס טרײַבל:

— אַללאָ! ווער איז באַם טעלעפאָן? איר, הער בירגערמײַסטער? וואָס? אַן אַרבעטער־דעמאָנסטראַציע האָט אַנטוואָפנט די פּאָליצײַ?! אַ סקאַנדאַל! וואָס? ניין, קיין סאָלדאַטן וועלן מיר ניט שיקן! און נאָך געווער שיקט צו מענטשן! איך וועל פאַראָרדענען אַרויסצוגעבן. דער גענעראַל האָט ביז אַ וואָרף געטון דאָס טרײַבל.

אין קאַבינעט איז אַרײַנגעגאַנגען דעם גענעראַלס אַדיוטאַנט. ער האָט וועגן עפּעס שטיל געמאָלדן. ס׳איז, אַפּאָנעם, געווען זייער וויכטיק, ווײַל דער גענעראַל איז אופגעלעבט געוואָרן, און ער האָט הויך איבערגעפרעגט:

— ווו? אינעם אָטשערעט? ס׳איז זיכער? רופט מיר אַרײַן דעם קאַפּיטאַן סעזאַן. מע מוז טייקעף אָנעמען מיטלען.

## אין אָטשערעט

— הײַנריך, דו ביסט דאָ? דײַן פאַמיליע איז אַרעסטירט. מע זוכט דיך אַרום איבער אַלע שאַכטעס. אַף יעדן פאַל האָב איך דיר געבראַכט אַן אָנצוג און גרים.

צווישן די אלע, וואָס האָבן אָפּ אזא אומגעריכטן און אומ־געוויינלעכן אויפן באקומען די פּראָקלאמאציעס, האָט זיך גע־פונען נאָר איין איינציקער, וואָס האָט זי ניט איבערגעלייענט. דאָס איז געווען א סאָלדאט, וועלכער האָט געטרוימט צו ווערן א קאפּ־ראל, און אויך וועגן א כוידעשדיקן אורלויב. די אלע גליקן האָט מען צוגעזאָגט דעם, וואָס וועט צושטעלן יעדיעס וועגן דער קאָמוניסטישער אגיטאציע אין פּאָלק.

וועגן זיין געפינס האָט דער פּאָרעטער געמאָלדן דעם פּאָלק־אדיוטאנט, און שפּעטער מיט עטלעכע טעג האָט דער אדיוטאנט צוגעגרייט א רעכטע אויסשפּיר־גרופּע, וואָס האָט געכאפּט דריי פראנצויזישע סאָלדאטן אין דעם מאָמענט, ווען זיי האָבן וואַרמעס־צייט צעלייגט איבער די סאָלדאטישע גע־לעגערס אין דער פוסטער קאזארמע קאָמיוגישע פּראָקלאמא־ציעס.

פאר זיין פלייס האָט דער אדיוטאנט באקומען א העכערן ראנג. דער פּאָרעטער האָט באקומען דעם צוגעזאָגטן אורלויב. א טאָג פאָרן פאָרן האָט מען אים אָבער קימאט אפ טויט צע־נערעקט אין א פינצטערן קאָרידאָר. די ארעסטירטע קאָמיר־גיסטן האָט מען אריינגעזעצט הינטער די גראטעס.

אין א וואָך ארום האָבן זיך אין פּאָלק ווידעראמאָל באוויזן פּראָקלאמאציעס, געכאסמעט בעשוטפעס פון די קאָמיוגיסטישע יוגנט־פארבאנדן אין פראנקרייך און אין דייטשלאנד.

*

דער שטאב פונעם גענעראל דעגוט האָט געארבעט אזויווי אין קריגס־צייט. אָן אופהער זיינען אָנגעקומען קורירן. אין די קאָרידאָרן איז געשטאנען א קעסיידערדיקער ראש. ס'האָבן געקלונגען די שפּאָרן בא די פראנטישע שטאב־אָפיצערן. שפּי־

לייטענאנט קאנאָ האָט זיך נאָר-וואָס אומגעקערט פון א קערמעשל, און דער באדינער זיינער שוויצט נעבעך באַם אויס־טאָן זיין שיקערן און אומרויִקן באלעבאָס. שיקערערהייט איז דער לייטענאנט טאָמיד מיט א צעבונדענעם צונג, און אזויווי קיין אנדערע מיט־שמועסער האָט ער דאָ ניט, קלייבט ער זיך פארברענגען אביסל מיט זיין סאָלדאט. יענער קריגט אָבער עפּעס א טערעץ און ער דרייט זיך ארויס פון דעמדאָזיקן „הויכווירדיקן קאָוועד". ער פייפט זיך פויל עפּעס א ניגון, און לאָזט זיך אזוי גיין פונעם גרויסן קאזארמע־הויף צום הויכן פלויט. ס'איז פינצטער. אכוץ דעם וואך־סאָלדאט באַם טויער און די פאטרולן אפ יענער זייט פלויט טאָר קיין איינציקער סאָלדאט אין דער־אָ שפּעטער שאָ זיך ניט געפינען אויסער דער קאזארמע.

על־קערים גייט צו צו די קוסטעס, הייבט אוף דאָס פּעקעלע און באהאלט עס אונטערן שינעל, וואָס איז בא אים ארופגע־וואָרפן אפ די פלייצעס.

מיט פינף מינוט שפּעטער זיינען שוין די פּראָקלאמאציעס באהאלטן אין א זיכער אָרט ביז מאָרגן.

ווער וועט זיך אָנשטויסן צו גיין זוכן זיי אין דער דירע פונעם פארביסענעם מאָנארכיסט — לייטענאנט קאנאָ?

*

אפן צווייטן טאָג האָבן פיל סאָלדאטן ווידעראמאָל געפונען בא זיך אונטער די מאטראצן, אונטער די קישנס און אינעם אָפּטרעט־צימער אופרופן, וואָס האָבן גערופן די סאָלדאטן צו ברידערן זיך מיט די דייטשישע ארבעטער און צו פאָדערן בא זייער קאָמאנדירונג, אז מע זאָל זיי אָפּשיקן אהיים און זיך אָפּזאָגן פון צו אָקופירן רור.

ארויס. על־קארים איז אוועק אין דער גאָענטסטער פּאָרט־שטאָט אַפ ארבעט. דאָ האָט ער צום ערשטנ מאָל דערזענ פרעמדע מענטשנ, וואָס טוענ דיכ אָנ ניט אזוי, ווי בא זיי אינ דאָרפ, אונ ריידנ אפ א פרעמדנ לאָשנ.

קערים האָט זיכ ארויסגעוויזנ פאר א פעיִקנ יונג, אונ דאָס יאָר ארבעט אינ פּאָרט אלס טרעגער האָט אים נאָכ עפּעס אויסגעלערנט, אכוצ דער פראנצויזישער שפּראכ, דעמ לאָשנ פונ די גיאורנ *), וואָס האָבנ באצוווּנגענ זײַנ לאנד. קוקנדיק אפ די גרויסע דאמפ־שיפנ, וואָס גייענ אוועק פונעמ פּאָרט אינ ווײַטע לענדער, פלעג ער אָפט קלערנ בא זיכ, אז ס'וואָלט ניט שלעכט געווענ צו פארקלײַבנ זיכ שטילערהייט אפ איינעמ פונ די דאמפערס, א קוק טונ אפ פרעמדע אומבאקאנטע לענדער אונ פארדינענ אביסל געלט.

הארבסט־צײַט האָט על־קערים באקומענ די מעגלעכקײַט צו באזוכנ פראנקרײַכ אָנ קיינשומ הויצאָעס אונ ניט באהאלטנדיק זיכ פאר קיינעמ. עמעס, וועגנ קיינע שומ פארדינסטנ האָט דאָ נישט געקענט זײַנ קיינ רייד, דערפאר וואָס ער איז איצט געווענ א סאָלדאט פונ דער פראנצויזישער ארמיי אונ איז גאנצע טעג געווענ פארנומענ מיט צוגרייטנ זיכ צו דער גאנצ פאַשעטער פּראָפעסיע — צו הארגענענ אָרגאניזירטערהייט די מענטשנ, וואָס זײַנ שעפ וועט אים הייסנ.

אז ער מיט נאָכ לאנדסלײַט זײַנע זײַנענ שוינ געווענ גוט אויסגעלערנט, האָט מענ זיי אוועקגעשיקט אינ רורער געגנט אינעמ באשטאנד פונ דער אָקופּאציע־ארמיי. אונ אָט זעענ מיר הײַנט קערימענ אינ דער ראָליע פונ א באדינער באמ לייטענאנט קאנאָ.

*) גיאורנ — הייסנ בא מוסולמענער די אנדערש־גלויבנדיקע.

ארבעט דורך אייניקע איבעראגיטירטע פערזאָנען פונעם ייִנגערן קאָמאנדיר־באשטאנד.

דער גארניזאָן־שעף איז מודיע וועגן די געבראכטע פאקטן און ער „האָט די ערע צו מעלדן, אז ער האָט דורכגעפירט די אנטשפרעכנדיקע ארעסטן, ווי צווישן די סאָלדאטן פונעם גאר־ניזאָן, וואָס מע האָט אים אָנגעטרויט, אזוי אויך צווישן דער ציווילער באפעלקערונג, און ער בעט העפלעכסט בא אייער עקסעלענץ ווייטערדיקע דירעקטיוון".

## וועגן דעם באדינער פון לייטענאנט קאנאָ

עפּעס א פעקעלע האָט א־פּאל געטון אין די קוסטעס...

אף יענער זייט פונעם הויכן פלויט, וואָס האָט אָפּגעצאמט די קאזארמעס פון דער אויסערלעכער וועלט, איז נאָך א רעגע געשטאנען און אביסל צוגעווארט א יאָדערדיק ייִנגל. ער האָט זיך ארומגעקוקט אף אלע זייטן — צי האָט עמעצער ניט באַ־מערקט, ווי ער האָט אריבערגעוואָרפן דאָס פעקל איבערן פלויט. ארום איז קיינער ניט געווען, נאָר פונווייטן האָבן זיך געהערט די טריט פונעם פראנצויזישן פאטרול.

דאָס ייִנגל האָט צופרידן א שמייכל געטון, און נורענדיק זיך פון דער נאכט־קעלט, האָט ער שנעל אוועקגעשפאנט אפן וועג צום שטאָט. פארן פעקעלע איז ער געווען רויק.

*

על־קערים איז אן אראבער, א פויער. צום לעצטן מאָל האָט ער געאקערט די ערד מיט צוויי יאָר צוריק. נאָכדעם ווי אף מאראָקע איז אָנגעקומען אן אומגערעטעניש, האָט על־קערימס פאמיליע מיט געוויין און געבעט אים ארויסבאגלייט פונעם דאָרף

די קאָמוניסטנ, פאר זייערע צוועקנ, ווי אינ דער פרעסע, אזוי אויכ אפ דער נאָענטסטער פארלאמענט־סעסיע,

ב) אריבערוואַרפנ אזא גוואלדיקע מאסע מענטשנ אהיימ אונ פארבײַטנ זיי מיט אנדערע וועט קאָסטנ ריזיקע געלטער; דערבײַ איז אויכ מיר וועלנ ניט אָנעמענ קיינ שטרענגע מיטלענ, איז, צווישנ אונדז גערעדט, ניטאָ קיינ גרונט צו מיינענ, אז שפּעטער מיט א שטיקל צײַט וועט מענ ניט דארפנ דורכמאכנ דידאָזיקע קאָמפּליצירטע אָפּעראציע צומ פינפטנ מאָל.

ס'איז מעגלעכ, אז אינ דער נאָענטסטער צײַט וועט צו אײַכ ארויפקומענ אליינ דער קריגס-מיניסטער, הער מאזשינא, אפ צו אויספאָרשנ דעמ מאָראלישנ צושטאַנד פונעמ קאָרפּוס.

בעכייג, טײַערער גענעראל, מוזנ אָנגענומענ ווערנ די שטרענגסטע מיטלענ.

דער אופריכטיק אײַכ שעצנדיקער אונ אכטנדיקער (ס'גייט א כסימע).

P. S. אײַכ וועלנ בעלי־סאָפעק זײַנ פארשטענדלעכ די סיבעס, וואָס האָבנ מיכ געשטויסט צו שיקנ אײַכ דידאָזיקע בריוו פריוואט אונ געשריבנ מיט דער האנט".

די צווייטע בריוו איז געווענ אינגאנצנ אנ אָפיציעלער, געשריבנ פונעמ גארניזאָנ־שעפ אינ איינער פונ די גרעסטע שטעט אינ רור. דערדאָזיקער גארניזאָנ איז מערסטנטייל באשטאנענ פונ נעגערס, וואָס האָבנ דאָ ניט לאנג פארלאָזט אפריקע אונ האָבנ נאָכ אפילע שלעכט פארשטאנענ פראנצויזיש. אונ אָט דאָסדאָזיקע „שווארצע הארמאטנ־פלייש", וואָס האָט ביז איצט אָנ שומ דערווידערונג געפאָלגט די אָפיצערנ, האָט איצט זיכ גענומענ רודערנ אונ זיכ אונטערגעבנ דער „בייזוויליקער אגיטאציע פונ די קאָמוניסטנ", וועלכע פירנ זייער צעשטערונג-

היינט האָט גענעראל דעגוט, ווי סאָמיד, דערהאלטנ א גרוי־
סע פּאָטשט. צוויי בריוו פונ היינטיקער פּאָטשט האָבנ אים
שטארק געפּאטערט די שטימונג. די ערשטע בריוו איז
געווענ א האלב־אָפּיציעלע פונעם שעפ פונ גענעראל־שטאב.

„טייערער גענעראל! די יעדיעס, וואָס דערגייענ צומ גענע־
ראל־שטאב, צווינגענ אונדז צו באומרויקנ זיכ וועגנ דעמ מאָ־
ראלישנ צושטאנד פונ דעמ קאָרפּוס, וואָס מע האָט אייכ אָנגע־
טרויט. בעיס די פּילצאָליקע שטרייקנ פונ סעפּטיאבער אונ
אָקטיאבער, וועלכע זיינענ פאָרגעקומענ אינ א גאנצער ריי
שטעט — אינ דיוסעלדאָרפ, באָכומ, דאָרטמונד, עסענ אונ אנדע־
רע, האָבנ די סאָלדאטנ פונ דער אָקופּאציע־ארמיי זיכ אָפּגעזאָגט
איינצושטילנ די שטרייקנדיקע ארבעטער; כאָטש יעדער פראנ־
צויז, וואָס האָט ליב זיינ פאָטערלאנד, פארשטייט, אז דידאָזיקע
שטרייקנ האָבנ אינ א גרויסער מאָס געמאכט צונישט דעמ
עפּעקט פונ דער רורער אָקופּאציע, וואָס קאָסט אונדזער רע־
פּובליק גאנצ טייער. מע מוז אָנעמענ אנטשיידענע מיטלענ
צו אָפּהיטנ די ארמיי פונ דער אגיטאציע פונ די דייטשישע
קאָמוניסטנ אונ קאָמיוניסטנ, ווי אויכ פונ זייערע פראנצויזישע
כאווירימ.

ס׳איז נייטיק צו באמערקנ, אז פונ דער צאָל מאָסמיטלענ אפ
געזונט צו מאכנ דעמ מאָראלישנ צושטאנד פונעמ כייעל וועט
מענ מוזנ אויסשליסנ דעמ מעטאָד פונ באנייענ דעמ איצטיקנ
קאָרפּוס־באשטאנד איבער פאָלגנדיקע צוויי גרונט־סיבעס:

א) דאָס באנייענ צומ פערטנ מאָל דעמ איצטיקנ קאָרפּוס־באש־
טאנד וועט זיכ געוויס אָפּשפּיגלענ אפ דער געזעלשאפטלעכער
מיינונג פונ אונדזער לאנד, אונ וועט בעריסאָפּעק אויסגענוצט
ווערנ דורכ די אָפּאָזיציאָנעלע פארטייענ, מ׳רעדט שוינ ניט וועגנ

דאָס האָט זייער אופגערעגט די נאַטשאַלסטווע. דער מעכאַניקער האָט זיך אויך גענומען צום הארצן, אָבער נאָר ביז ער איז ארויס פון קינאָ. אינדערהיים האָט ער אָפּגעגעסן מיט אַפּעטיט און איז געווען זייער פריילעך.

די אונטערזוכונג אין קינאָ האָט ניט געגעבן קיינשום רעזולטאַטן. אין זאַל האָט מען געפונען נאָר די סאָלדאַטן פון דער אָקופּאַציע־ארמיי, און קיין איינציקן דייטש ניט, אפילו אַפּ אַ רעפּוע.

•

ניט געקוקט אַפּ דער נאַכטיקער שאַ און אָפּן שטרענגן באַפעל, האָבן די סאָלדאַטן יענעם אָוונט אין קאַזאַרמע לאַנג נאָך זיך געקליבן אין קליינע גרופּעס. זיי האָבן באַהאַנדלט די פּאַסירונג פונעם טאָג. און אַז דער דעזשורנע אָפיצער האָט שוין צו אָפּט גענומען ארומגיין איבער דער קאַזאַרמע, האָבן זיך די סאָלדאַטן אריבערגעקליבן אינעם לאַנגאָנעדיקן סאָלדאַטישן קלוב — אינעם אָפּטרעט־צימער, ווו ס'האָבן זיך געהויבן זיילן רויך פון די ביליקע סאָלדאַטישע סיגאַרעטן, און דאָ האָבן זיך די הייסע וויקוכים געפירט ביז אין טאָג אריין.

## צוויי בריוו צום גענעראַל דעגוט

דער גענעראַל דעגוט פירט אַ ברייטע קאָרעספּאָנדענץ.

צוויי מאָל אַ טאָג קומט אָן אין קאָרפּוס־קאַנצעליאַריע אַ קופּע בריוו און פּאַקעטן. פון פּאַריזש — צירקולאַרן און דירעקטיוו־בריוו פונעם גענעראַל־שטאַב און פון קריגס־מיניסטעריום, פון פאַרשיידענע שטעט אין דער רור־געגנט — אָן אַ שיר באַריכטן פון די אָרטיקע גאַרניזאָן־שעפן פון דער אָקופּאַציע־ארמיי.

דײַטשישע, פראַנצױזישע און ענגלישע אַרבעטער; דערפֿאַר, װאָס דאָס װעט געבן פּרײַזע הענט דער בורזשואַזיע אַף צו פֿאַרשטאַרקן נאָך מער די עקספּלואַטאַציע.

דאָס איז אַלץ, כאַװײרים! צום װידערזעען! מיר װעלן אַף אַ װײַלע אױסשליסן די עלעקטרע.

באַלד איז אָנגעקומען נאַטשאַלסטװע מיט פּאָליציי בעראָש, מיטן קאָרפּוס־קאָמאַנדיר גענעראַל דעגוט אַלײן. זײ האָבן זיך געזידלט.

— צום טײַװל! פֿאַרװאָס אַזױ פֿינצטער? צינדט אָן שײַן.

— אומעגלעך, די דראָטן זײַנען איבערגעשניטן.

— אַרעסטירן אַלע דײַטשן, װאָס געפֿינען זיך דאָ!

מע האָט אַרײַנגעפֿירט די אַלטינקע צום־טױט איבערגע־שראָקענער װעכטערן!

— װער ביסטו?

— אַ װעכטער.

— װער האָט דיר דערלױבט אַרײַנלאָזן אַזעלכע זײַטיקע מענטשן? װוּ איז דער קינאָ־מעכאַניקער?

— איך בין דאָ.

— אַף װאָסער סמאַך האָט איר דעמאָנסטרירט אַ פֿאַרבאָ־טענעם פֿילם?

— װאָס הײסט אַ פֿאַרבאָטענעם?! איך האָב דאָך אײַער פֿער־זענלעכן באַפֿעל — האָט געמאָלדן דער מעכאַניקער און אַרױס־געשלעפּט דאָס פּאַפּירל. דער מעכאַניקער האָט זיך געהאַלטן רױיִק און מיט אָפּשײַ, און נאָר גאָר אַ שאַרפֿ אױג װאָלט גע־קענט באַמערקן אַף דעמ־אָ רױיִקן פּאָנעם אַ קאַם אָנזיכטיקס איראָניש שמײכעלע. דאָס פּאַפּירל איז פֿאַרשטײט זיך געװען אַ פֿאַלשס.

— באווײַרים סאָלדאַטן! פאַר אײַך איז געוויס ניט אינגאַנצן קלאָר, פאַרוואָס האָבן מיר עס אָנשטאָט קריסטוסעס לעבן באַוויזן אײַך אײַער אײגענעם לעבן און דאָס לעבן פֿון די קאַפּיטאַליסטן. איך מיין, אַז איר האָט דערבײַ גאָרנישט ניט אָנגעוואָרן, עמעס?

— עמעס. מיר האָבן נאָך אַפילע אויסגעשפּילט!

— נו, פֿאַרשטייט זיך. מיינט אָבער ניט, אַז די אײַנאָרדענער פֿונעם אָוונט זײַנען אַזוי נאַריש, אַז זיי זאָלן אײַך גיין באַווײַזן אַזוינע בילדער. דאָס, וואָס אײַערע אויגן האָבן אַצינד געזען אויפֿן עקראַן, האָט עס פֿאַר אײַך דורכגעדעמאָנסטרירט די קאָמוניסטישע פּאַרטיי און דער קאָמיוג.

אײַך אינטערעסירט געוויס, וויאַזוי דאָסדאָזיקע בילד איז אַרײַנגעפֿאַלן אַהערצו? איז הערט־זשע. אונדזערע קאָמיוגיסטן האָבן פֿאַרהאַלטן דעם אוטאָמאָביל, אין וועלכן מע האָט געפֿירט דעם פֿילם „וויאַזוי קריסטוס האָט געלעבט". די באַגלייטער אינײנעם מיטן בילד האָט מען אַפּ אַ שטיקל צײַט אָפּגעפֿירט אין אַ זיכער אָרט, און אײַך האָבן מיר דאָ באַוויזן אונדזער בילד.

מיר איז נאָך פֿאַרבליבן ניט קיין סאַך צײַט. ס'גייט שוין אַהער פּאָליציי: מע האָט וועגן דעם אָקאָרשט געקלונגען אין טעלעפֿאָן. איך דאַרף אָבער אינקורצן כאָטש איבערגעבן אײַך דעם טאָך פֿון אונדזער קאַמף.

מ'ר קעמפֿן קעגן אָפּטיילן פֿון דײַטשלאַנד די ריין־געגנט און דעם רורער באַסיין. מיר קעמפֿן ניט דערפֿאַר, ווײַל מיר זײַנען פֿאַר גאַנצקײַט פֿון דײַטשלאַנד. די בורזשואַזע דײַטשלאַנד האָבן מיר פֿײַנט. מיר זײַנען אָבער קעגן אָפּרײַסן דידאָזיקע געגנטן דערפֿאַר, וואָס דאָס וועט פֿאַרערגערן די לאַגע פֿון די

הונגער, אָרעמקײַט, ארבעטלאָזיקײַט. סאָלדאטישע אומרוען. גאנצע עשאלאָנען אנטלאָפנטע סאָלדאטן שיקט מען אָפּ אהײם אונטער א פארשטארקטער שמירע. און, ענדלעך — די ארויסטרעטונג פונעם נײַעם קאָרפּוס...

— אָן דאָרטן גײט דאָך אונדזער ראָטגער, — האָט עמעצער צערודערט אויסגעשריִען אין דער פינצטער. — און אָט בין איך דאָך! זעט נאָר — לינקס! נײן, נײן, לינקער אביסל. אָט־אָ, נו!

ס'איז דורכגעגאנגען די לעצטע שערענגע סאָלדאטן. דער עקראן באווײַזט שוין די, וואָס זײַנען ארויס באגעגענען — די טריומפירנדיקע בורזשואזיע און די פּארצאָרנטע פּענעמער פון די ארבעטער. נאָך איין איבעררײַס, און אפן עקראן האָבן זיך אָנגעצונדן גוואלדיק גרויסע אויסיעס:

> סאָלדאטן, זין פון ארבעטער און פּויערים. מיט וועמען ווילט איר זײַן פרײַנט? מיט אײַערע און מיט דער דײַטשישער בורזשואזיע, אָדער מיטן דײַטשישן און פראנצויזישן ארבעטער? וועט איר דען גיין דערשטיקן די שטרײַקנדיקע דײַטשישע ארבעטער און די אופגעבונטעוועטע סאָלדאטן?

— ניין, מיר וועלן ניט גיין! — האָט עמעצער אויסגעשריִען.

— קיינמאָל אין לעבן ניט! ווי צום אָפּיצער, וואָס וועט נאָר א פּיפּס טון אפילע וועגן דעם! — האָבן אנדערע אונטערגעהאלטן.

ס'האָט זיך אָנגעצונדן די שײַן. באַם עקראן איז עמעצער געשטאנען.

ראָטנער? ער וועט זיך מיסטאמע ווידעראמאָל אַנזויפן שיקער־לאָט, בערנאָכן וועט ער קומען אין קאזארמע און וועט דערגיין די יאָרן אונדזערע ברידער. מאמעש אן אומגליק מיט אים. עך, ווען איך דערקלייב זיך שוין גיכער אהיים, קיין פראנקרייך!

דער ערשטער קלונג, דער צווייטער, דריטער. די שייב האָט זיך אויסגעלאָשן. דער אָרקעסטער האָט אָפגעשפּילט די אוווער־טיורע. און אָט האָט זיך א העלער סנאָפּ ליכט ארויסגעריסן פונעם פענצטערל פון קינאָ־ביידל און באלויכטן דעם עקראן.

אפן עקראן האָט זיך באוויזן אן אופשריפט:

| |
|---|
| וויאזוי לעבן מיר, און ווי לעבן אונדזערע באַלעבאטים |

אין דער פינצטערניש האָט זיך דערהערט עמעצנס א היס־פּילעסדיקער קאָל:

— אָט קונציק! אַנשטאָט קריסטוסעס לעבן וועט מען אונדז באוויזן אונדזער לעבן.

דאָס בילד:

בענק, רעסטאָראנען, פאלאצן, רייכקייט, פארגעניגנס, לוקסוס־מעשוגאסן.

זאוואָדן און שאכטעס, רויִנירטע דערפער, הונגער, שמוץ, אומענטשלעכע ענגשאפט. עפעס אן אָרעמער הינקט איבערן שניי. זיינע באָרוועסע דארע פיס זינקען טיף אינעם שניי...

אן איבעריס. אפ איין מינוט איז דער עקראן באלויכטן גע־וואָרן מיט א העל־ווייסער שיין. אָבער נאָר אפ איין מינוט. באלד האָט דער עקראן ווידער אופגעלעבט.

די אָקופּאציע פון רור. פראנצויזיש מיליטער.

דער פּאָלקאָווניק איז געוואָרן בלייך ווי די וואַנט. ס׳האָט אים גענומען וואַרגן אַ נײַער אַסטמע־אָנפאַל.

— און איר, — האָט דער פּאָלקאָווניק שיִער ניט אויסגעשריגן צו דעם איבערגעשראָקענעם מאַיאָר, — איר וועט אָנשטאָט אַ ציילעם זיך מוזן באַנוגענען אָט מיט וואָס.

און דער פּאָלקאָווניק האָט צוגעטראָגן דעם מאַיאָר צום סאַמע נאָז די באַוווּסטע קאָמבינאַציע פון דרײַ פינגער.

## קינאָ קאַפּויר

זונטיק קומט פאַר אַן אָוונט פאַר די פראַנצויזישע סאָלדאַטן. לויט אַן אָפּמאַך מיט דער קאָמאַנדירונג אָרדנט אײַן איינער פון די בעסטע קינאָ־טעאַטרען אין שטאָט אַ ספּעציעלן סעאַנס. וועגן דעם האָט מען שוין געמאָלדן אין די קאַזאַרמעס, און דער גאַנצער פּאָלק האָט מיט אומגעדולד געוואַרט אַף דעם זונטיקדיקן אָוונט.

עמעס, דער נאָמען פונעם בילד, וואָס מע האָט געדאַרפט דעמאָנסטרירן, האָט שטאַרק אָפּגעקילט דעם אוילעם. דאָס בילד האָט געהייסן „דאָס לעבן פון יעזוס קריסטוס". נאָר, ווי ס׳זאָל ניט זײַן, נאָר בלויז די מעגלעכקײַט צו פאַרברענגען אַ פּאָר שאָ אויסער דער קאַזאַרמע־אַטמאָספער איז שוין אייך קעדײַ

•

ס׳האָט זיך אָנגעצונדן אַ שטאַרק גרויסע ליוסטרע, און דער גרויסער זאַל האָט זיך שנעל אָנגעפּאַקט פול און פול. דער בלאָז־אָרקעסטער האָט געשפּילט אַ לעבעדיקן מאַרש. די סאָלדאַטן האָבן זיך געפילט זייער פרײַ.

— קיין איין אָפיצער איז ניטאָ אַפן אָוונט! אָט אַ גליק!

— כ׳וואָלט וועלן וויסן, ווו שיקערט עס אַצינד אונדזער

# א ציילעם און א... פײַג

—נו־ס, און װײַטער ? — האָט אומגעדולדיק געפרעגט דער פּאָלקאָװניק, װען דער מאַיאָר האָט שױן אַזױװױ געענדיקט דערציילן. — מיר איז אַביסל אומפאַרשטענדלעך, מאַיאָר, װאָס פאַר אַ באַדײַטונג גיט איר צו דערדאָזיקער גאַנצער געשיכטע ?

— די מײַסע איז, הער פּאָלקאָװניק, װאָס דער אָפיצער איז גאָר קײן אָפיצער ניט געװען. עס האָט זיך אַרױסגעװיזן, אַז ס'איז אַן איבערגעטאָנענער סאָלדאַט פון דער צװײטער ראָטע מיטן נאָמען פּאַל איסטי, און דער באָכער מיטן טשעמאָדאַן איז אײנער פון די רעדלפירער אינעם דײַטשישן קאָמיטעט — קאַרל לענצנער.

דער פּאָלקאָװניק האָט זיך אױסגעזידלט צװישן די צײן.

— פאַרשטײט זיך — האָט דער מאַיאָר געערדט װײַטער, — מיר האָבן זײ בײדן אין שטאַב פאַרהאַלטן. צו די אַרעסטירטע האָט מען צוגעשטעלט אַ װאַך פון דער 9־טער ראָטע. נאָר...

— ברענג אַהער צו מיר די אַרעסטירטע, מאַיאָר. טײקעף װעלן מיר דאָ מאַכן אַ פעלד־געריכט. פּאָל איסטי — דעזערטירן, פאַר פאַראַטן דאָס פאָטערלאַנד, דעם באָש — אַ שטריקל, פאַר שפּיאָנאַזש. און אײַך, מאַיאָר, װעל איך זיך אױסטאַרען אַ ערן־ציילעם.

— אָבער...

— קײנשום „אָבער", מאַיאָר. איך האָב באַפױלן, דאַרף מען טון.

— אָבער דערלױבט, הער פּאָלקאָװניק, די אַרעסטירטע זײַנען אַנטלאָפן !

— װי ? זאָגט נאָר נאָכאַמאָל, די אַרעסטירטע זײַנען אַנטלאָפן ? טײקעף אַרעסטירן די װאַך !.. װעגן די אַנטלאָפענע מעלדן דער פּאָליציי... זײ מוזן שױן הײַנט אַרעסטירט װערן.

מענטשן, ס׳האָבן זיך א שאָט געטון דראָונגען און זידלערײַען אפ דער פאָליציי.

— וואָס האָסטו זיך צוגעטשעפּעט! מע קען שוין פון זיי א גאס ניט דורכגיין!

וואָס־זשע בין איך שולדיק,—האָט זיך דער פאָליציאנט פארענט־פערט.— איך בין מיר א קליין מענטשעלע. איך טו, וואָס מ׳הייסט מיר. ניין, ניין, יונגערמאן, ווארט נאָר אביסל. איר וועט זיך בא מיר ניט ארויסדרייען. לאָזט זיך מיט גוטן, אניט קענען זיך נאָך אָפּזוכן בא מיר האנט־קייטעלעך פאר אײַך.

— גייט צו אלדע רוכעס,— האָט דער ארעסטירטער ווידער זיך א בייזער געטון.—איך טראָג מיט זיך געהיימע פּאפּירן פארן שטאב פון פּאָלק.

גוט, אין דעזשורנע־צימער וועט מען פאנאנדערקלײַבן, וואָס פארא געהיימע פּאפּירן איר טראָגט.

צווישן אוילעם האָט זיך אדורכגעשפּארט אן אָפיצער פון דער פראנצויזישער ארמיי.

— וואָס איז געשען?

— אָט דערדאָזיקער יונג האָט, אפּאָנעם, געטראָגן פּראָקלא־מאציעס אין טשעמאָדאן און זיי צעשאָטן.

— נו, איז וואָס?

— איז וויל איך אים פארהאלטן. זאָל מען אין דעזשורנע־צימער פאנאנדערקלײַבן.

— טיפּעש!— האָט דער אָפיצער אָפּגעהאקט,— דאָס זײַנען פּאפּירן אין שטאב ארײַן. קומט מיט מיר, יונגערמאן.

דער אוילעם איז זיך פּאמעלעך פאנאנדערגעגאנגען, און דער אָפיצער מיט זײַן מיטגייער זײַנען נעלעם געוואָרן הינטער די טירן פון שטאב.

# די מײַסע מיטן טשעמאָדאַן

מירן דאָ איבערלאָזן דערווײַל דעם מאיאָר, ווי ער גייט אָפּ מיט האַרץ־קלאַפּעניש דעם פּאָלקאָווניק זײַן באַריכט, און מיר וועלן דערווײַל דערציילן וועגן דער פּאַסירונג, וואָס האָט אַרויסגערופֿן דעמדאָזיקן עקסטרע באַריכט.

ס׳איז געווען אַזוי: לעבן די קאַזאַרמעס, ווו עס זײַנען הין און צוריק אַרומגעגאַנגען שפּיקעס און עס זײַנען געווען גע־דיכט צעשטעלט פֿאַרשטאַרקטע פּאָליציי־פּאָסטנס, ביז ווײַט פֿונעם אַרײַנגאַנג אין די קאַזאַרמעס איז דורכגעגאַנגען אַ לײַ־טיש־געקליידעטער יונגערמאַן. אין די הענט האָט ער געהאַלטן אַ גראָבן טשעמאָדאַן פֿון קראָקאָדילן־לעדער.

און פּלוצים, פּונקט דעמאָלט, ווען דער מענטש מיטן טשע־מאָדאַן האָט שוין געוואָלט איבערגיין דעם וועג באַם פּאָלי־צייִשן פּאָסט, האָט זיך דער טשעמאָדאַן אומגעריכט צעעפֿנט און ס׳האָבן זיך פֿון אים גענומען שיטן פּאַפּירן. דער יונג האָט זיך אָנגעבויגן און גענומען פֿלינק צונויפֿקלייבן די פּאַפּירן צו־ריק אין טשעמאָדאַן אַרײַן.

ס׳איז שוין אָבער געווען צו שפּעט. מיט דער מינוט איז צו אים צוגעגאַנגען אַ פּאָליציאַנט.

— יונגערמאַן, זײַט אַזוי גוט, באַווײַזט, וואָס פֿאַראַ פּאַפּירן זײַנען עס בײַ אײַך?

— גייט זיך אַהין, פֿונוואַנען איר זײַט געקומען, — האָט זיך דער יונג אַ בייזער געטאָן.

— עך, וואָס האָב איך דאָ מיט אײַך צו ריידן? קומט אין דע־זשורנע־צימער, וועלן מיר זיך דאָרט פֿאַנאַנדערקלײַבן.

דערווײַל האָט זיך דאָ אָנגעקליבן אַן אוילעם נײַגעריקע

זײַן פאַרלוירנקייט, — איר האָט ניט פאַרשטאַנען מײַן גרונט־געדאַנק. זעצט זיך אקאָרשט אנידער, פּיער, כ'וועל אײַך באַלד אַלץ דערקלערן.

— דידאָזיקע גאַנצע ליטעראַטור, — האָט פאָרגעזעצט דער פאָלקאָווניק און זיך אנידערגעזעצט אַפ זײַן לעדערנעם פאָטערשטול, — קומט אָן אין אונדזערע קאַזאַרמעס נאָר דורך די באָשעס. דאָס איז פעסטגעשטעלט. מע מוז פאַרשטאַרקן די שמירע. מיר מוזן זיך דערשלאָגן, אַז קיין איין דײַטשישער שטשור זאָל זיך ניט קענען דורכשמוגלען אין אונדזערע קאַזאַרמעס. און אויב עמעצער וועט זיך פּאַקן, איז קורץ און גיך און אָן טומל.. איר האָט מיך פאַרשטאַנען?

— פאַרשטאַנען, הער פאָלקאָווניק, דידאָזיקע אופגאַבע איז אָבער נישט פון די גרינגע...

— יאָ, נישט פון די גרינגע, אָבער פונדעסטוועגן קען מען זי אויספילן. געווים פאַרמאָגן מיר אין אונדזערע טײלן אונדזערע אײגענע בונטאַרעס קאָמוניסטן און קאָמיוניסטן. נאָר אָן שטיצע פון אויסן, פון די דײַטשן וועלן זײ קיין סאַך אופטון ניט קענען. כוצדעם...

ס'האָט זיך דערהערט א קלאַפּ אין טיר, און אין צימער איז אַרײַנגעגאַנגען א באַיאָרטער גראָווער מאַיאָר.

— הא, דאָס זײַט איר, מאַיאָר, — האָט אים דער פאָלקאָווניק באַגריסט, — זיצט. פאַראַן עפּעס נײַעס?

דער מאַיאָר האָט זיך אויסגעגלײַכט:

— כ'האָב די ערע צו מעלדן...

— דערלויבט, דערלויבט! צו וואָס אזא אָפיציעלקײַט? איך בעט אײַך, זעצט זיך אנידער און דערציילט אלץ וואָס איר ווייסט.

— הער פּאָלקאָווניק,—איז דעם אדיוטאנט ענדלעך געלונגען אַרויסצוברענגען עטלעכע ווערטער אַף זיך צו פאַרטיידיקן, — הער פּאָלקאָווניק, אײַער פּאָדערונג איז ניט מעגלעך אויסצופילן.

דעם פּאָלקאָווניקס אויגן האָבן זיך אָנגעגאָסן מיט בלוט.

— דערלויבט אײַך צו מעלדן, הער פּאָלקאָווניק. קעדיי אַרויסצוטרײַבן די באָשעס דאַרפן זיי דאָך אין פּאָלק זײַן. צום באַדויערן... איז בא אונדז אין פּאָלק קיין איין דײַטש ניט פאַראַן. קיין איינציקער ניט. בלויז פראַנצויזן.

דער פּאָלקאָווניק האָט דעם אדיוטאנט אין פּאָנעם אַרײַן א שטעק געטון א בלעטל.

— און דאָס וואָס איז?

ער האָט אופגעעפנט א שופלאָד אינעם שרײַבטיש און גענומען אַרויסוואַרפן פון דאָרט אַפן טיש בלעטלעך און בראָשורן, און ער האָט ווײַטער גערעדט, שוין אסאך שטילער מיט א שטאַרק העפלעכן און איינצײַטיק גיפטיקלעכן טאָן:

— און דאָס וואָס איז? און דאָס?.. צי מיינט איר נישט, אַז אונדזערע סאָלדאטן האָבן עס געבראַכט מיט זיך פון פראַנקרײַך? טוט נאָר גוט א קוק אַף די אונטערשריפטן אונטער דערדאָזיקער ליטעראַטור „דער רורער געגנטלעכער קאָמיטעט פונעם קאָמוניסטישן יוגנטפאַרבאַנד אין דײַטשלאַנד". און דאָ! לייענט: „קאָמוניסטישע פּאַרטיי פון דײַטשלאַנד" און אָט...— דער פּאָלקאָווניק האָט זיך פאַרהיקעט...

— „קאָמוניסטישע פּאַרטיי און קאָמונסטישער יוגנטפאַרבאַנד פון פראַנקרײַך",—האָט דער אדיוטאנט איבערגעלייענט שוין מיט אביסל צולאָכעס אין קאָל.

— גוט, גוט, איר מעגט שוין ווײַטער ניט לייענען,—האָט אים איבערגעריסן דער פּאָלקאָווניק, נישט וועלנדיק אַרויסווײַזן

דעם אדיוטאנט האָט מען געראָפן מוסיע פּיער לעבלאַנ. געוויינלעך פלעג אים דער פּאָלקאָווניק רופן אפּ א פּרײַנטלעכן אויפן פיער. זיי זײַנען געווען ווײַטע קרויווים, און דאָ אין דער אָקופּירטער שטאָט האָבן זיי געוווינט אין איין דירע.

— הער אדיוטאנט, — האָט זיך דער פּאָלקאָווניק אָפּגערופן צו לעבלאַנען, און דער אדיוטאנט האָט דערפילט, אז דער איניען ווען זײַן אן ערנסטער, האָט ער געמאַכט אַן אָנגעצויגענעם און שטרענג־אָפיציעלן פּאָנעם.

דער פּאָלקאָווניק האָט טכילעס געוואָלט צוגעבן זײַן פּאָנעם דעם געוויינלעכן רויִקן אויסדרוק. ער האָט אָבער א מאַך געטון מיט דער האַנט, צוגעלאָפן צום אדיוטאנט, און וואַרגנדיק זיך פונעם ווילדן אַטעמע־אָנפאַל, האָט ער אַרײַנגעשריִען לעבלאַנען סאַמע אין אויער אַרײַן:

— קיין איין באָש זאָל מיר ניט זײַן אין אונדזער פּאָלק! אַרויסטרײַבן אַלע באָשעס ביזן לעצטן. אַרײַנזעצן אין דער מיליטערישער טפּיסע! איר פאַרשטייט?

א קורצער, נאָך האַסטיקער לויף איבערן קאַבינעט, און דער פּאָלקאָווניק שרײַט שוין ווידער דעם אדיוטאנט אין אויער אַרײַן:

— איר האָט פאַרשטאַנען? פאַרשטאַנען, פרעג איך אײַך? צום שוואַרצן יאָר! וואָס שווײַגט איר?

לעבלאַן איז געשטאַנען א בלייכער און אַן אָפּגעגאָסענער מיט שווייס.

ער האָט זיך געפּרוווט עפּעס זאָגן, נאָך יעדער פּרווו זײַנער האָט באַם פּאָלקאָווניק אַרויסגערופן אַלץ נײַע רעציכע, אַלץ נײַע הוסט־אַטאַקעס, באַגלייט מיט א פּאָנטאַן ווערטער.

לירנדיקע קאָמיוגישע אופרופנ, אונ אז פונקט וועגנ דעמ פירט זיכ עס איצט א הייסע דיסקוסיע. אונ מע לאדט זיי אויכ אײַנ זיכ באַטייליקנ אינ דערדאָזיקער דיסקוסיע.

## „אינ פאָלק זײַנענ קיינ באָשעס*) ניטאָ".

דער פאָלקאָווניק לעראָש איז קראנק אפ אסטמע. דאָקטוירים האָבנ אימ קאטעגאָריש פארווערט זיכ אופרעגנ. ווענ די דאָקטוירימ וואָלטנ געהאט די רעכט פונ דער העכערער מיליטערישער קאָמאנדירונג, וואָלטנ זיי דעמ הער לעראָש אומבאדינגט פארבאָטנ זײַנ א קאָמאנדיר איבערנ פאָלק פונ דער אָקופאציע־ארמיי, ווײַל ס׳איז ניט געווענ קיינ טאָג, וואָס ער זאָל זיכ ניט דארפנ נעמענ צומ הארצנ פונ דעמ „מאָראלישנ" צושטאנד פונ דעמ פאָלק, וואָס מע האָט אימ אָנגעטרויט.

דער פאָלקאָווניק האָט מוירע געהאט פארנ טויט, ער האָט געוואָלט שטארבנ א גענעראל. ער האָט זיכ געסטארעט ניט ערגערנ זיכ, ער איז געווענ שטענדיק אײַנגעהאלטנ, גערעדט מיט א שטיל קאָל, נאָכמאכנדיק דעמ בריגאדע־גענעראל, וואָס האָט אימ טאָמיד געדינט פאר א מוסטער. אלצ האָט אָבער א שיר.

גאָר פארגעסנ די אסטמע זײַנע אונ דעמ בריגאדע־קאָמאנדיר, האָט הײַנט דער פאָלקאָווניק לעראָש געהאט א שמועס מיטנ אדיוטאנט פונ פאָלק אינ א שטארק געהעכערטנ טאָנ.

ווענ דער אדיוטאנט איז ארײַנגעגאנגענ צו זײַנ שעפ אינ קאבינעט, האָט הער לעראָש צווישנ איינ ווילדנ אסטמע־אָנפאל אונ דעמ אנדערנ עפעס בייז געוואָרטשעט פאר זיכ, אונ מיט האסטיקע טריט ארומגעשפאנט איבערנ פארקעט.

*) די פראנצויזישע נאציאָנאליסטנ רופנ די דײַטשנ מיטנ צונאָמענ „באָש".

א פּאָר שמיר מיטן בערשטל, און א גרויסע פּראָקלאמאציע האָט פונעם פּעקל איבערגעוואנדערט אפ דער וואנט אָדער אפן פּלויט און דער מענטש איז באלד נעלעם געוואָרן אינעם נעפּל.

איין סאָלדאט האָט פון לאנגווײַליקײַט געכאפּט א קוק אפן פרישן בלאט, וואָס איז אָנגעקלעפּט אפן פּלויט.

— דער שעד זאָל מיך נעמען,—האָט ער אויסגעשריִען צו זײַן כאוורער, וואָס איז מיט אים געגאנגען,—דאָסדאָזיקע פּאפּיר איז דאָך אפ פראנצויזיש!

ביידע סאָלדאטן זײַנען געבליבן שטיין, און דער ערשטער האָט פאר זײַן כאוורער איבערגעלייענט אפן קאָל די קאָמיוגישע פּראָקלאמאציע, וואָס איז געווען געדרוקט אפ פראנצויזיש און דײַטש.

> פראנצויזישע סאָלדאטן, אײַער אָרט איז אין די רייען פון די דײַטשישע ארבעטער.
>
> צוזאמען מיטן דײַטשישן פּראָלעטאריאט דארפט איר פירן אײַער קאמף קעגן אונדזער אלגעמיינעם סוינע, דער בורזשואזיע.
>
> ברידערט זיך מיטן דײַטשישן פּראָלעטאריאט!

דערנאָך, אז דער נעפּל איז זיך צעגאנגען, האָט דער פּאָסט-שוצמאן (פּאָליציימאן) לאנג געקראצט דידאָזיקע פּראָקלאמאציע פונעם פּלויט.

און אז ביידע סאָלדאטן האָבן זיך דערנאָך אין קאזארמע באגעגנט מיט זייערע פּאָלק-כאווײרים, זײַנען זיי געווירע געוואָרן, אז קימאט אלע האָבן זיי געלייענט דידאָזיקע דרײַ-קאָ־

— לאָז צורו, מאמע, וועמענ ליגט עס איצט אינזינענ? דו זעסט דענ נישט?

## „פראנצויזישע סאָלדאטנ, ברידערט זיך מיט די ארבעטער!"

גרופעסווײַז האָבנ די סאָלדאטנ זיך ארומגעשלעפט איבערנ שטאָט. זיי האָבנ זיך ווויליונגעריש געשטעלט אינ פראָנט פאר די שפּאָגל־אויסגעפּוצטע אָפּיצערנ, וואָס זיי האָבנ באגעגנט, אונ האָבנ געוואָרפנ שפּאָטישע בליקנ אפ די ארבעטער, וואָס האָבנ ערטערווײַז זיך געקליבנ אינ רעדלעך.

אינ דרויסנ איז שוינ געווענ פארנאכטיק־טונקל אונ, דעמ עמעס זאָגנדיק, איז שוינ אסאך סאָלדאטנ היפּשלעך נימעס גע־וואָרנ דאָס ארומגייִנ צווישנ מענטשנ, וואָס באציִענ זיך צו זיי מיט טיפער ניט־באהאלטענער סינע.

כוצדעמ האָט נאָך, ווי געוויינלעך אינ דער צײַט פונ יאָר, א גענדיכטער נעפּל אײַנגעהילט די שטאָט, אונ מע האָט אפ צוויי מעטער ווײַט נישט געקענט דערקענענ קיינ מענטשנ. בא אזעל־כע באדינגונגענ האָט שוינ דער שפּאציר קיינשום טאמ נישט געהאט, אונ די סאָלדאטנ האָבנ מיט באדויערנ זיך דערמאנט אָנ זייער ניט־לאנג פארלאָזטנ פאָטערלאנד, ווו מע רעדט אפ פראנצויזיש. נאָר אויב דער נעפּל האָט געפּאטערט די שטימונג בא די שפּאצירנדיקע סאָלדאטנ, האָט ער אָבער עמעצנ געהאָלפנ אינ דער ארבעט.

אינעמ נעפּל האָבנ זיך ווי צעשוווּמענע שאָטנס ארומגע־שלײַכט ייִנגלעך מיט עמערלעך קליי אינ האנט אונ מיט פּעקלעך אונטערנ אָרעמ. זיי פלעגנ זיך אָפּשטעלנ אפ עטלעכע רעגעס,

א צעפּאַטלטע, א פאַרלוירענע און עפּעס פאַרביטערט און מיט קאַס געשריִען.

באַלד האָט זיך פאַרבײַ דער מאַמעס פלינק אַדורכגעשאַרט דאָס בלאָנד קעפּל פון היינריכס שוועסטערל קלאַרע; דאָס מיידעלע האָט זיך האַסטיק א יאָג געטון צום שטוב־צו.

— היינריך! — האָט זי אויסגעשריִען און זיך אַרײַנגעריסן אין צימער ווי א ווינטער, — דו האָסט שוין געהערט, דאָס פראַנצויזישע כאַיעל האָט פאַרנומען די שטאָט. מע זאָגט, ס'וועט ווידעראַמאָל זײַן א מילכאָמע.

נאָך קלאַרען איז אויך אַרײַנגעגאַנגען די מאַמע. זי האָט שוין געוואָלט אָנהייבן פאַרפירן לאַנגע טײַנעס. היינריך האָט זי אָבער ניט געהערט. מיט ציטערנדיקע הענט האָט ער געגנומען אַרופּשלעפּן אָפּ זיך די בגאָדים און קאַם געטראָפן מיט די הענט אין די אַרבל.

די טיר האָט זיך ווידער אופגעעפנט און דורכגעלאָזט א געזונטן כעוורעמאַן, וואָס אין זײַן אויסזען און היילעכ האָט מען דערקענט אין אים א שאַכטיאָר.

— היינריך, איך האָב שוין, אפּאָנעם, פאַרשפּעטיקט. דו ווייסט שוין אַלץ?

— ניין, ניט אַלץ. דעם איקער אָבער ווייס איך. נו, און ווי האַלט עס בא אײַך?

— גיין קענסטו?

— אָט ווי דו זעסט, כ'בין שוין קימאַט גרייט!

— נו, גוט, איך וועל דיר העלפן. דאָס קעמערל האָט מיך געשיקט נאָך דיר. אפן וועג וועל איך דיר אַלץ דערציילן.

— היינריך, — האָט אים די מאַמע געפּרוווט אָפּשטעלן, — וווהין לאָזסטו זיך? דו ביסט דאָך אינגאַנצן א קראַנקער.

דער שלאָף איז אָבער ניט געקומען, און ווי אפּצולאָכעס זײַנען איבער דער וואַנט אַרומגעשפּרונגען פריילעכע זונ־שטראַלן און געמאָלט אַף איר אַלערליי געמעלן.

היינריך וואָלט זיך נאָך לאַנג אַזוי געוואַלגערט אין בעט, ווען ער דערהערט ניט אַ ראַשן פון אַ מענטשן־מאַסע, וואָס דערנענטערט זיך אַלץ מער, און איז פונוואַנען ענלעך צו דעם ברומען פונעם יאַם.

אַ ווינט האָט פאַרטראָגן אַהערצו די קלאַנגען פון אַ בלאָז־אָרקעסטער, וואָס האָט געשפּילט אַ פריילעכן אומבאַקאַנטן מאַרש.

היינריך האָט זיך אויפגעהויבן מיט די לעצטע קויכעס, ער איז געפאַלן פון די פיס, אָנגעכאַפּט זיך מיט די הענט פאַר אַלץ, וואָס איז אים געקומען צו דער האַנט, און האָט זיך אַזוי צוגע־שלעפּט צום פענצטער.

אַ געדיכטער האַמוין האָט פאַרפלייצט דעם גאַנצן טייל פונעם פּוסטן פּלאַץ, וואָס מ'האָט געזען פונעם פענצטער. דער האַמוין איז געווען צערודערט, און די געשרייען זײַנען האָבן זיך דערטראָגן צו היינריכס צימער. דאָס איז געווען דער ראַש, וואָס האָט אים אויפגעהויבן פון בעט.

איבער דער קליינער גאַס, וואָס גרענעצט מיטן פּוסטן פּלאַץ און וואָס איז אין דער צײַט געוויינלעך ליידיק, איז דורכגעלאָפן פריץ אָן אַ היטל און אָן אַ פּידזשאַק.

„אַ מאָדנע זאַך, ער פּלעגט קיינמאָל אַזוי פרי ניט פאַרמאַכן זײַן קלייטל", — האָט ער שטאָלץ אַ טראַכט געטון.

ס'האָט זיך אויפגעעפנט דאָס הויף־טירל, און היינריכס מאַמע האָט זיך באַוויזן. היינריך האָט זי אַ רוף געטון, נאָר צוליב דעם טומל פון גאַס האָט זי היינריכס שוואַך קאָל ניט דער־הערט. זי איז אַרײַנגעלאָפן אין טויער און געבליבן אַזוי שטיין

## אין יאנוואר 1923

אין אַן אנדער צײַט וואָלט הײַנריך שטאָלץ זיך שטארק ניט אָפּגעגעסן דאָס הארץ פון זײַן שלאָפלאָזיקײַט.

סאָפּקאָלסאָפּ איז אסאך אָנגענעמער צו ליגן אין דער וואַרעמער היים אף א רײנער בעט, אײדער פינצטערן פון פרי ביז נאכט אין שאכטע, טיף אונטער דער ערד אין כאשכעס און אין איימעדיקער פּײַכטקײַט; פונעם שטיקל ברויט, וואָס מ'ברענגט מיט זיך, ווערט א נאס שטיקל טײג, און אפן שאכטיאָר פאלט אָן אלעמאָל פון דער פײַכטקײַט א שלעכטער און דויערנדיקער הוסט.

ווי וואלגערט מען זיך אָבער אין בעט אין א צײַט, ווען די געשעענישן צעוויקלען זיך מיט אזא שנעלקײַט, ווען יעדער שאָ איז טײַער און יעדער מענטש איז פאר דער אָרגאניזאציע טײַער! הײנריך שטאָלץ, דער סעקרעטאר פונעם קאָמיוגישן קעמער׃ אין דער שאכטע № 13, האָט זיך אזעלכס בעשומויפן ניט געקענט דערלויבן, און ער האָט פון צײַט צו צײַט אומזיסט געפרווט אופצוהייבן זיך פון בעט.

— דער שעד וואָלט זי געמעגט נעמען, אָט די קרענק, — האָט ער זיך אויסגעזידלט אפן קאָל, אָפּגעוואָרפן פון זיך דעם בוך, וואָס ער האָט געהאלטן, און אויסגעקערעוועט זיך צו דער וואנט.

די ביבליאָגראַפישע פאַרצייכענונג
פונעם בוך און די שיפערן פאַר
ביבליאָטעק-קאַטאַלאָגן זײַנען אָפּ-
געדרוקט אין „צײַטשריפט פון דרוק"
און אין דעם „קאַרטן-רעפּערטואַר"
פון דער אוקראַיִנישער ביכער-
פּאַלאַטע.

5-טע דרוק. פון „מעלוכע-פאַרלאַג"
קיִעוו, וואָראָבעסקיס גאַס, 42 №
גאַשט. 295—3000 ,1/4 1 ג' דר. בויגנ
שטאָטליט 573

שול אונ פיאָנערנ-ביבליאָטעק

וו. לוואָוויטש

# וועג ס'העלפנ ניט קיינ הארמאטנ

יידיש — מ. ש.

№ 66

דערלויבט פונעמ אוקראינישנ וויסנשאפטלעכ־מעטאָ-
דאָלאָגישנ קאָמיטעט פונ פאָלקאָמבילד או. ס. ר. ר.
צו באנוצנ אינ די קינדערשע ביבליאָטעקנ.
דערלויבעניש № 160 פונ 9-טנ נאָוועמבער 1930.



צענטרפארלאג
אלוקראינישע אָפטיילונג
כארקאָוו 1931 קיעוו

וועלט פּיאָנערן-ביבליאָטעק

№ 66




# ווען ס'העלפן ניט קיין הארמאטן